ה. ד. נאָמבערג

# י. ל. פּרץ

די גאַנצע הכנסה פֿון דעם בוך איז באַשטימט אויפֿן הילפֿס-פֿאָנד פֿאַר געראַטעוועטע יידישע שרייבער און קינסטלער.

# „דאס פוילישע יידנטום"

ביכער-סעריע פון דעם צענטראל-פארבאנד פון פוילישע יידן אין ארגענטינע

רעדאקטאר: מארק טורקאוו

שוין דערשינען:

**מארק טורקאוו:** מלכה אָווּשיאַני דערציילט... (כראָניק פון אונדזער צייט)

עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

**ז. גראָסמאַן־י. וויערניק:** טרעבלינקע.

**אלחנן צייטלין:** אין א ליטעראַרישער שטוב.

עס גרייט זיך צום דרוק:

**פראָפ. ד"ר מאיר באַלאַבאַן:** די יידן-שטאָט לובלין.

**ד"ר עמנואל רינגעלבלום:** צו דער געשיכטע פון יידן אין ווארשע.

**ד"ר יצחק שיפּער:** יידן אין אַלט-פּוילן

**צפורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו:** יצחק קאַצענעלסאָן.

**זלמן וואַסערצוג:** יאנוש קאָרטשאַק

**א. ל. שוסהיים:** סילועטן און עפּיזאָדן פון גאַליציע

**מאַרק טוּרקאָוו:** אַלט און ניי-וואַרשע.

**ש. פריילעך:** מעזריטש

**שניאור וואַסערמאַן:** כעלם (זכרונות פון א קוריאָזער שטאָט)

---


ווענן אַלע ענינים, וואָס האָבן א שייכות מיט דער ביכער-סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום" זיך ווענדן:

**Unión Central Israelita Polaca en la Argentina**

**Pueyrredón 667** Buenos Aires

# אַריינפיר־וואָרט

דאָס דאָזיקע בוך, דאָס צווייטע פון דער סעריע „דאָס פוילישע יידנטום”, וואָס דער צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענ־טינע גיט איצט אַרויס, באַשטייט פון זכרונות, אָפּהאַנדלונגען און אַרטיקלען, וואָס ה. ד. נאָמבערג האָט פאַרעפנטלעכט וועגן י. ל. פּרצן.

עס איז אייגנטלעך אַ מין נאָמבערגישע פּרץ־כראָניק.

אונדזער אויסגאַבע איז אַן איבערחזרונג פון דעם אַכטן באַנד פון נאָמבערגס געזאַמלטע ווערק, וואָס איז דערשינען אין דעם פאַר־לאַג „קולטור ליגע”, אין וואַרשע, אין יאָר 1928.

דורכן איבערדרוקן דאָס דאָזיקע בוך, זיינען מיר אויסן אַ דאָ־פּלטן ציל:

געבן אונדזער באַשיידענעם ביישטייער צום פּרץ־יאָר, וואָס די גאַנצע יידישע וועלט פייערט איצט אין צוזאַמענהאַנג מיטן דרייסיקסטן יאָרטאָג נאָכן טויט פון דעם פאָטער פון דער מאָדער־נער יידישער ליטעראַטור, און גלייכצייטיק אויך דערמאָנען דעם יידישן לייענער־עולם איינעם פון די גייסטרייכסטע פויליש־יידישע שרייבער און פּובליציסטן, וואָס דער צוואַנציקסטער יאָרטאָג נאָך זיין טויט וועט שוין אויך בקרוב דאַרפן געפייערט ווערן.

דער אַרגענטינער יידישער ישוב בכלל, און בפרט דאָס פּוילי־שע יידנטום פון אונדזער קאָנטינענט, האָבן אַ ספּעציעלן חוב צו דערמאָנען נאָמבערגן, וועלכער האָט דאָך אַרויסגעוויזן אַזאַ שטאַרקן אינטערעס פאַר דעם ניי־אויפקומענדיקן יידישן לעבן דאָ. נאָמבערגס באַזוך אין אַרגענטינע אין יאָר 1923, האָט בלי־ספק געלאָזט טיפע שפּורן אויף דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון אונדזער נאָך דאַן אַזוי יונגן ישוב.

מיר האָבן דעריבער דורך דער דאָזיקער אויסגאַבע פאַרבונדן די צוויי גייסטיקע ריזן פון דעם פוילישן יידנטום: פּרצן און נאָמ־

בערגן, וועלכע זיינען זיך געווען אזוי נאָענט, סיי אין זייערע פּער־זענלעכע באַציאונגען, סיי אויך אידעאיש.

פּרץ איז געווען פאַר נאָמבערגן דער רבי און מדריך, וואָס האָט אים געוויזן דעם וועג פון דעם קליינשטעטלדיקן חסידישן לעבן צו דער גרויסער מאָדערנער און שעפערישער יידישער וועלט, צום קוואַל פון יידישן פאָלקס־שאַפן.

נאָמבערג איז געווען פאַר פּרצן דער אויסטייטשער פון זיינע געדאנקען, דער פאַרווירקלעכער פון זיינע אידעען אין דעם קאַמף פאַר דער מאָדערנער יידישער פאָלקס־קולטור.

עס איז דעריבער אויך סימבאָליש, אז דאָס לעצטע ווערק, וואָס נאָמבערג האָט געשריבן און נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן, איז גע־ווען דער ליטעראַרישער אנאליז א. נ. „א רעוויזיע פון פּרצס שאַפן". שרייבנדיק די דאָזיקע אַרבעט, די ערשטע טייל פון וועלכער עס שליסט אָפּ דאָס דאָזיקע בוך, האָט נאָמבערג פאַרענדיקט זיין לעבן.

⁂

צווישן דער ערשטער אויסגאַבע פון נאָמבערגס פּרץ־בוך און דער איצטיקער אויסגאַבע, איז פאַראַן אן אונטערשיד אין דעם סדר פון די פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן.

אין דער וואַרשעווער אויסגאַבע פון נאָמבערגס בוך, איז דער סדר פון די אַרטיקלען מער צוגעפּאַסט צו דער טעמאַטיק. דאַקעגן האָבן מיר געהאַלטן פאַר ריכטיק צו פאַרעפנטלעכן די דאָזיקע אַרבעטן לויטן כראָנאָלאָגישן סדר ווי זיי זיינען געשריבן געוואָרן.

די כוונה דערפון איז צו געבן א פולקאָם בילד פון נאָמבערגס צוגאַנג צו דער פּרץ־טעמע, זיין באַציאונג צו פּרצן גופא און צו אַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן מיט פּרצן א שייכות.

נאָמבערגס אַרטיקלען־זאַמלונג וועגן פּרצן, איז בלי־ספק א קולטור־היסטאָרישער דאָקומענט וועגן אַלץ און אַלעם, וואָס האָט א צוזאַמענהאַנג מיט דער פּרץ־טעמע, שוין נאָך פּרצס טויט. עס איז אן אָפּשפּיגלונג פון די קאַמפן, וואָס זיינען געפירט געוואָרן אין די יידישע ליטעראַרישע און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע קרייזן אַרום דער פּרץ־מצבה, מיר באַקומען דאָ א טריי בילד וועגן די ערשטע

פרץ־יאָרצייטן, און אַ באַגריף וועגן פאַרשיידענע אידעען און פּלע־נער, וואָס זיינען אַרויסגערוקט געוואָרן אין די יידישע ליטעראַרישע קרייזן, ווי, למשל, די אידעע פון אַ פּרץ־מוזעאום, פּרץ־פאָנד א.ד.ג. — אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט דער באַערונג פון פּרצעס אָנדענק.

האָבנדיק פאַר זיך די דאָזיקע אַרטיקלען אין דעם כראָנאָלאָגישן סדר, ווי זיי זיינען געשריבן געוואָרן דורך נאָמבערגן אויף דער הייסער מינוט, אין קורצע, אָבער אַזוי קאָנקרעטע און בולטע צייטונג־אַרטיקלען, באַקומען מיר אַ בילד פון אַ וויכטיקן אָפּשניט פון יידישן קולטור־לעבן אין פּוילן.

⁂

מיטן אויסנאַם פון דער ערשטער אָפּהאַנדלונג „דער ניגון“, וואָס נאָמבערג האָט פאַרעפנטלעכט אין „פריינט“, אין יאָר 1910, זיינען אַלע איבעריקע אַרטיקלען געשריבן געוואָרן שוין נאָך פּרצעס טויט.

טאַקע מיט דעם קורצן, אָבער אַזוי שטימונגפולן אַרטיקל „פּרצעס טויט“, וואָס איז געשריבן געוואָרן אונטערן ערשטן רושם פון דער שרעקלעכער ידיעה, הויבט זיך אָן די פּרץ־כראָניק, וועלכע נאָמבערג האָט אין משך פון 12 יאָר, ביזן מאָמענט פון זיין טויט, ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן געשריבן.

ס'איז אַן אינטערעסאַנטער פּרץ־דאָקומענט, עס איז אַן אינטע־רעסאַנטער נאָמבערג־דאָקומענט, עס איז אַ וויכטיקער ביישטייער צו דער פּויליש־יידישער קולטור־געשיכטע.

צוליב דעם דאָזיקן טעם, האָט דער צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע געפונען פאַר נויטיק צו זאָרגן, אַז דאָס דאָזיקע בוך זאָל דערשיינען פונדאַסניי און זאָל זיך געפינען צווישן די ערשטע אויסגאַבן פון דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום“.

**די רעדאַקציע**

בוענאָס־איירעס, מערץ 1946.

# פּרץ — די פּוילישע ייִדן

כיהאָב דיך געזען הײַנט, יצחק לייבוש,
עלנט און אַליין; ניט אַרומגערינגלט פון פּוילישע ייִדן;
ניטאָ דײַנע חסידים און אויך דײַנע מתנגדים — נישטאָ.
נאָר דו ביסט דאָ און וועסט אייביק זײַן דער ליכט-טורעם.
פּרץ! פּרץ! סע מיינט דאָך אויף שטענדיק
זענען ייִדן פאַרבליבן ייִדן אין דײַן שרײַב-פּורעס.

כיהאָב דיך געזען הײַנט, יצחק לייבוש;
עלנט און אַליין, אין אַ טרויעריקן לבוש;
ביסט געשטאַנען פאַריתומט אין דײַן ייִדנלאָזער וואַרשע, —
פּרץ — אין אַ ייִדן-אויסגערייניקטער וואַרשע? — ווײַ, ווײַ!

כיהאָב אַרײַנגעבליקט אין דײַן קאַבינעט:
ביסט געשטאַנען מיט דײַנע הענט אָנגעלענט אויף דײַן שרײַבטיש,
דער קאָפּ אַראָפּגענויגט, נאָר דײַן בליק אַ ווײַטער;
צי האָסטו שוין די שוידערלעכע ווידיעס געזען אין פאָראויס?
דײַן אומעט און גרויקייט קרײַזלט זיך ווי שניי,
דײַן ווען איז ווי רויך, וואָס שטײַגט כמעט שטייענדיק
אין אַ פאַמעלעכדיקן אויפגאַנג צום הימל,
געטריבן פונעם ברענענדיקסטן סקעפּטיציזם און ייִדישער
אמונה באַפליגלט.

כיהאָב דיך געזען הײַנט, יצחק לייבוש פּרץ,
ווער סע וועט נאָר ווען, ווועט דיך שטענדיק זען
און מיט דיר — די דורותדיקע, לעבעדיקע, פּוילישע ייִדן.

מאַטעם דייטש

(1945)

# דער ניגון

## דאָס בוך „חסידיש״ פון י. ל. פרץ

דער ניגון איז דער תמצית פון לעבן, דאָס חיות פון דער וועלט, די פאַרשטעלטע און באַהאַלטענע זייט פון איר.

„די גאַנצע וועלט איז נישט מער נאָר אַ זמר און אַ טאַנץ״... „דאָס לעבן פון אַ מענטש איז אַ ניגון, אַ פריילעכער, צי אַ טרויעריקער ניגון, און אַז מען ענדיקט דעם ניגון, פליט אַרויס די נשמה פון גוף״... (משנת חסידים״ 167).

אַזוי דערציילט דער ח ס י ד פרץ פון געמיראָווערס מויל, נאָר די ווערטער האָבן גילטיקייט אויך פאַר אונדז.

נישט מער, אָנשטאָט „דאָס לעבן פון אַ מענטש״, לאָמיר זאָגן: „דאָס לעבן פון ק י נ ס ט ל ע ר״; אָנשטאָט „די ג אַ נ צ ע וועלט איז אַ זמר״, לאָמיר זאָגן: „דעם ק י נ ס ט ל ע ר ס וועלט איז אַ זמר״... און מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ פראַזע, וואָס קאָן גילטן פאַר אַן אמת אין דער פילאָזאָפיע פון דער קונסט:

יעדער קינסטלער זינגט ז יי ן מעלאָדיע.

און „אַז מען ענדיקט דעם ניגון״? — נאָר אַ ניגון האָט „גלגולים״, ווי פרץ אַליין דערציילט אין זיין נאָוועלע — „אַ גלגול פון אַ ניגון״ און עס ווענדט זיך, ו ו י מען זינגט אים, ו ו ו מען זינגט אאַ״וו.

אויפן פשוטן לשון, נישט אויפן חסידישן, ווילן מיר זאָגן: די מע-לאָדיע, די „טעמע״ פון דער קאָמפּאָזיציע, האָט ו ו אַ ר י אַ צ י ע ס, קאָן ווערן פאַרשידן האַרמאָנירט, אויף פאַרשידענע כלים אויסגעלייגט... אייגנט-

לעך ענדיקט דער קינסטלער קיינמאָל נישט זיין ניגון! ווי לאַנג ער בלייבט קינסטלער, ווי לאַנג דער גייסט פון שאַפן האָט אים נישט פאַרלאָזן.

און דאָס בוך „חסידיש", ווו פרץ האָט געזאַמלט אַלע זיינע נאָוועלן און דערציילונגען, וואָס האָבן אַ שייכות צו חסידות און דעם חסידישן לעבן, איז דער בעסטער באַוויַיז דערויף. דאָס איז אַ יין „טעמע", אַ יין לייט-מאָטיוו, נאָר וויפל וואַריאַציעס. וואָסערע עשירות פון האַרמאָניע!

אָט האָט איר זשאַנר-בילדער פון חסידישן לעבן, און צווישן זיי אַזוינע מייסטער-ווערק, ווי „הכנסת-כלה". נישט דאָס חסידות זעט איר דאָ, נאָר לעבעדיקע מענטשן, לעבעדיקע חסידים; איר זעט אַ מיליאָנער און אַ קבצן, ווי זיי רעדן צוזאַמען. און אין זייערע ווערטער איז נישטאָ קיין שפּור פון דעם סאָציאַלן תהום, וואָס טיילט אָפּ אָרעם און רייך. נישט ר' עוזר דער מיליאָנער איז אַן עניו דערמיט, וואָס ער רעדט מיט מענדל-דלות, ווי מיט אַן אייגענעם, ווי אַ גלייכער צו אַ גלייכן, און נישט מענדל-דלות ווערט עפּעס דערמיט דערהויבן; נישט ער איז אַ קריכער, וואָס טשע-פּעט זיך. עס איז פּשוט און גלאַט און נאַטירלעך און אַנדערש קאָן גאָר-נישט געמאָלט זיין. דער תהום איז פאַרשוווּנדן. עפּעס האָט דאָך אים געמוזט אויספילן. יאָ, דאָס איז דער אייגענער ניגון, פּרצעס מעלאָדיע. די נשמה פון אַלעם מגושמדיקן און אויסערלעכן, וואָס ווערט דאָ געזונגען שטילערהייט, באַהאַלטן. דאָס האָט אויסגעפילט דעם תהום, און דאָס איז דאָס געשאַפענע.

די מעלאָדיע — האָט דאָ באַקומען ליניעס און פאַרבן און האָט זיך, ווי יעדע נשמה, באַהאַלטן אונטער איר „לבוש"; דער פּענדזל פון מייס-טער האָט דערפון אַ בילד אויסגעמאָלט.

אָט זענען אַ ריי נאָוועלן אין אַ לייכטן שפּילעוודיקן סטיל געשריבן, „פון פּראָסט-חסידישן שטייגער", „ער, זכרונו לברכה, און זיינע מקורבים" — דאָס איז אַ לייכטער פעליעטאָן פון חסידות, דאָס פּאַעטיזירטע חסידות, געמישט מיט זיין וואָכעדיקן אויסזען; דער געשילדערטער רבי וואַקסט לגמרי נישט אויס אויף אַ מענטש פון אַ העכערער אַרט, פון אַ נשמה יתירה, ווי דער נעמיראָווער, ווי דער יונגער מקובל, ווי דער ביאַלער און אַנדערע. עס באַקומט זיך גיכער אַ קליינלעכער באַגרענעצטער פאַנאַטיקער, און די באַציאונג פון דיכטער אַליין צו אים איז אַ געמישטע און אַ גע-

בראָכענע; אביסל לאַכט ער אָפּ, אביסל פילט ער זיך דערצו צוגעבונדן...
פּאָרט זיין חסידות, דער ברונעם, פון וואַנען ער האָט זיין ניגון גע-
שעפּט! וואָרף נישט קיין שטיין אין אַ ברונעם, וואָס דו האָסט געטרונקען
פון איר וואַסער!

איך בין זיכער: ווען פּרץ וואָלט דאָס אייגענע מאַטעריאַל באַאַר-
בעט מיט אַ יאָר 20 צוריק, דעמאָלט, ווען דער ניגון האָט זיך נאָך נישט
געזונגען קלאָר אין זיין באַוווסטזיין, דעמאָלט ווען זיין קונסט איז געווען
אַזוי „אומשולדיק", אַז זי האָט געטראָגן מיט זיך, ווי אויף צו להכעיס,
פּונקט דעם היפּך פון אַלעם, וואָס פּרץ דער ראַדיקאַל האָט געטראַכט באַ-
וווסטזיניק — אָט דעמאָלט, ווען ער וואָלט דאָס מאַטעריאַל „פון אַ פּראָסט-
חסידישן שטייגער" אויסגענוצט, וואָלט דערפון אַרויסגעקומען אַ גיפטיקע
סאַטירע קעגן חסידים אויפן אַלטן משכילישן שטייגער. היינט איז דערפון
געוואָרן אַ לייכטער פעליעטאָן, ווו צוזאַמען מיט אַ הומאָר, וואָס איז קוים
צו דערקאָנען, קלינגט אַ טאָן פון אַפּאָלאָגיע, פון אַ פאַרטיידיקער. דער
פּראָסטער רבי, וואָס ווערט דאָ געשילדערט, האָט דאָס נישט פאַרדינט.
וואָס טוט אָבער נישט אַ פאַרליבטער פאַר זיין געליבטער, און וואָס טוט
נישט אַ קינסטלער פאַר זיין ניגון!

עס מאַכט נישט אויס. דער זינגער האָט אַ ווײַלע אָטעם געכאַפּט,
ער איז אַ ווײַלע אַרויס פון זיין פאַרטיפטן ערנסט, האָט זיך מיט אַ שמייכל
אומגעקוקט אויף דעם אַנטציקטן עולם, און האָט, ווי אויף קאַטאָוועס צו
טרייבן, גענומען עטלעכע לאַכנדיקע, הומאָריסטישע אַקאָרדן. איר וועט
קיין פּרעטענזיעס נישט האָבן, פּרצס אַ חסידישער פעליעטאָן איז אויך אַ
זאַך, וואָס דעם מייסטערס האַנט ליגט דערויף.

בפרט נאָך, אַז באַלד דערנאָך ווערט איר דורכגענומען מיט אַ טיף-
ערנסטער שטימונג. איר האָט אויף אַ פרייער לאָנקע באַלעם אָדער טענים
געשפּילט, און עס איז געווען לאַכנדיק און רירעווודיק. איצט זענט איר אין
אַ טיפן אַלטן וואַלד אַריין. שאַ, שטיל, און האָרך אויף! דו ביסט אַליין
מיט דיין נשמה, און זי וועט זיך דיר אַנטפּלעקן. אַ שטיל גערוויש ציט אין
דער הויך איבער די שפּיצן, און דער אייביקער סוד, וואָס שרעקט און
אַנטציקט צוזאַמען, איז אייך באַפאַלן.

דאָס איז דער איינדרוק פון „די מקובלים".

אַ הויכער גאָטיק, וואָלט איך געזאָגט, מיט אַ שפּיץ, וואָס פאַרלירט זיך אין די וואָלקן.

איז דאָס חסידות? ניין. עס איז נאָך מער ווי חסידות. ס'איז דאָס אייביקע געטלעכע אין מענטשן, דאָס רעליגיעזע, מיסטישע, וואָס דאָס חסי־דות איז נאָר איינס פון זיינע פאָרמען. עס קלינגט ווי אַ מעשה פון האר"י הקדושס צייטן; איר קאָנט אייך דענקען אונטער דעם מקובל און זיין תלמיד אַ בודיסטישן גזיר, אַ קריסטלעכן הייליקן, די איסיים אין די הײלן פאַרן חורבן. פיר תעניתים האָט דער תלמיד דורכגעפאַסט. און אַז מען ברענגט אים צו עסן, רוקט ער אַוועק די שיסל. ער האָט דערוויל אַ הרהור־עבירה געהאַט... און בײנאַכט געשעט דאָס גרויסע און דערהויבענע. דער תלמיד דערגרייכט די גרויסע בחינה, ער הערט אין זיך אַ ניגון זינגען, אָט יענעם ניגון וואָס האָט קיין טענער נישט, וואָס זינגט פון זיך אַליין, אין די געדערים, און — די נשמה גייט אים אויס.

„די מקובלים" זענען איינס פון די זעלטענע ביי אונדז נאָוועלן מיט אַ גרויסן דראַמאַטישן אינהאַלט, מען קען זיי אויף די פינגער ציילן, אָט די זאַכן, וואָס אָפּלעזנדיק זיי, בלייבט מען לאַנג אונטער זייער איינדרוק, ווייל זיי דערשיטערן און לאָזן איבער אַ הילכיק ווידער־קול אין דער נשמה.

און עס טוט באמת וויי, וואָס אין דער נאָוועלע, אין הויכן סטיל גע־האַלטענער, האָט זיך דער פּעליעטאָניסט און ראַציאָנאַליסט געקליגלט אַריינצוכאַפּן מיט אַ זיבן שורות. דער ר א צ י אָ נ א ל י ס ט פּרץ פאַר־טייטשט און לייגט אוים אויפן טעלער, פונוואַנען דער חשק צו קבלה נעמט זיך, און עס פאַרשטייט זיך, על־פּי שכל נעמט זיך דער חשק צו קבלה פון הונגער, ווייל „ממה נפשך. דאַרף מען אויף־זיין גאַנצע נעכט און הונגערן, לאָז מען כאָטש דערפון הנאה האָבן" אא"וו. די זיבן שורות פּאַסן צו דער זאַך פּונקט ווי... נו, לאָמיר זאָגן, ווי אַ פּאָר שעלקעס צו אַ סימפאָניע. גוט, וואָס נישט מער ווי זיבן שורות. דער קלוגער לעזער לאָזט זיך איינבינדן דאָס בוך און פּוילט זיך נישט און נעמט אַ פּעדער און פירט איבער מיט שוואַרצער טינט איבער די זיבן שורות: און ער האָט פאַרדינט אַ מצווה; גערייניקט אַ מקום־קדוש פון אַביסל שפּינוועב־בעכץ.

אָדער, ווען מיר וועלן רעדן אויף חסידיש לשון: און „הערט ער אַ

פרעמד קול אין א ניגון, מוז ער אים ארויסטרייבן, ווי א דיבוק, רחמנא לצלן, עס זאָל, חס ושלום; נישט איבערפירן דעם ניגון" (ז. 169).

מיר האָבן ביז אהער געזען די פאַרשידענע וואַריאַציעס, דערמיט זענען זיי אָבער נאָך נישט אויסגעשעפּט, עס קומט נאָך א סעריע — „יוחנן מלמדס מעשהלעך", ווו דער זשאַנר מיט דער חסידישער ליריק און פילאָזאָפיע זענען צוזאַמענגעגאָסן אין איין גאַנצער האַרמאָניע; „דער משוגענער בטלן", וואָס איז א זאַך פאַר זיך און האָט צו חסידות א קנאַפּע שייכות, דערביי אָבער איז עס איינע פון די שענסטע זאַכן, נישט בלויז אין דעם בוך; „פיר דורות — פיר צוואות", „אויב נישט נאָך העכער" (דאָס לעצטע דערנענטערט זיך שוין צום סטיל פון די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן") אא"וו.

דער לייט-מאָטיוו אליין אָבער, די „טעמע", וואָס ארום איר דרייען זיך אלע וואַריאַציעס און שעפּן פון איר זייער יניקה — בלייבט נאָך אַנצווייזן, דאָס איז די קליינע זאַך „משנת חסידים", וואָס איז אומבאַדינגט די קרוין פון דעם בוך. איר האָט דאָ דעם ניגון אין זיין ריינער פאָרעם, ווי דער יונגער מקובל האָט אים געהערט, א ניגון אָן קולות, א נשמה אָן א גוף. זי ווירקט, ווי א העלער בליץ פון א שווערער כמארע אין א פינצטערער נאַכט. די שוואַרצקייט ווערט פּלוצלינג באַלויכטן, דער גאַנצער מהות פון חסידות, זיין קווינט-עסענץ איז דאָ קאָנצענטרירט. „משנת חסידים" איז אוממעגלעך צו ציטירן, אָדער איבערצוגעבן דעם אינהאַלט. „א ניגון קאָן מען נישט זינגען פון הינטן ארויף". א סימפאָניע לאָזט זיך נישט ציטירן.

דער העלד איז דער נעמיראָווער; דערציילן דערציילט א חסיד, און כאָטש די זאַך דערמאָנט בשום אופן נישט קיין שום אייראָפּעאישע ליטעראַרישע פאָרעם, האָט אָן אָריגינעלן סטיל, א מין רעטשיטאַטיוו, ווו איר קאָנט די טאַקטן נישט ציילן, געפינט זיך דאָ פאַרט יעדע זאַך, יעדע פראַזע אויף איר ריכטיקן אָרט, און די הויפּט-פיגור, ווי די נעבן-פיגורן קומען ארויס (אָן שילדערונג!) קלאָר, בולט, פיל מער, ווי אין דער שילדערונג „צווישן צוויי בערג". אפילו דעם „קאָוואַלער דיין", דעם איי-

זערנעם מוח, וואָס פאַרנעמט אינגאַנצן פינף שורות דאָ, זעט איר ווי לע-בעדיק.

* * *

איך האָב בכיוון דורכגעלאָזט עטלעכע גרעסערע נאָוועלן פון חסי-דישן לעבן, ווי „אַ גילגול פון אַ ניגון" און אַנדערע, וואָס זענען מער באַ-ווּוסט צווישן דעם אינטעליגענטן פּובּליקום, כאָטש זיי האָבן בשום אופן נישט פאַרדינט אויסגעצייכנט צו זיין פון פּרצס חסידישע זאַכן, פאַרקערט: איר זעט דאָ די שוואַכע זייט פון דיכטער. עס איז דער פּרץ, וואָס זינגט נישט דעם ניגון, נאָר שאַפט באַוווּסטזיניק. דאָ לײַדן על-פּי-רוב זיינע זאַכן פון זייטיקע בילדער. אַ נויגונג צו פאַרביקער שטאַדקער בילד-לעכקייט און עפעקטן פון געהער און פון חוש-הראיה פירט אים אַראָפּ פון וועג, און צווישן זיי ווערט דער אייגנטלעכער „ניגון" פאַרלוירן. אַזאַ נאָ-וועלע „ווי אַ גלגול פון אַ ניגון", וואָס איז אַ גאַנצע אַרכיטעקטור לויט איר בוי, לאָזט פּאָרט דעם לעזער קאַלט, העכסטנס קאָן ער באַוווּנדערן די קאָמפּליצירטקייט פון דער אַרבעט; אַנטציקן וועט זי אים נישט. וואָס איז נישטאָ אין דער נאָוועלע? פאַרביק-שרייענדיקע קאָלירן פון סטענגעס, וואָס וואַרפן זיך ווי שלאַנגען אין דער לופט ביי דעם ווייבל, וואָס טאַנצט אין מיטן גאַס פאַר אַן אָרעמער כלה; אַ שלאַקס-רעגן מיט דונערן און בליצן, אַ חתונה, אַ טעאַטער, אַן אָרעם בלינד מיידל. — אַן עשירות פון מאָטיוון, וואָס יעדער באַזונדער וואָלט געקענט געווען פאַר אַ קינסטלערישער שאַפונג. צוזאַמען אָבער מאַכט עס נישט קיין גאַנצן עסטעטישן איינדרוק. שוין צופיל אַרכיטעקטור און צופיל בילדלעכקייט, און ווער נאָך ווי פּרץ ווייסט, אַז דער עיקר איז נישט דער „לבוש", נאָר דער תמצית, נישט דער גוף, נאָר די נשמה, נישט די טענער אַליין, נאָר די מעלאָדיע: די דיסטאַנצן, וואָס צווישן די טענער?

דאָס בוך „חסידיש" איז אַן אוצר אין דער יידישער ליטעראַטור. ערשט איצט, ווען די נאָוועלן זענען געזאַמלט צוזאַמען אין איין בוך, וועט מעגלעך זיין צו אָריענטירן זיך אין דעם אייגנאַרטיקן דיכטערישן זשעני פון י. ל. פּרץ. דאָס וועט אויך געבן דעם שליסל צו זיינע איבעריקע ליטע-

ראַרישע ווערק, ווייל די גרויסקייט פון י. ל. פרץ דאַרף מען אומבאַדינגט זוכן דאָ, אין „חסידיש".

ער איז דער מוזיקאַלישער טאַלענט, דער ניגון.

פּרצס זאַכן — די ערשטראַנגיקע, פאַרשטייט זיך — זענען שטיקער ברענענדיקע התלהבות, און זיי ווערן געשאַפן, ווי די ניגונים פון נעמי־ראָווער, אין ברען, אין שיכרות פון גייסט.

פּרצן זאָל מען זען אין זיין גרויסקייט, ווען ער שטייגט זיך אליין איבער, ווען ער פאַרלירט זיך אינגאַנצן אין זיין ניגון.

(„דער פריינט", 1910).

# פרצס טויט

י. ל. פרץ איז טויט... פלוצלינג, אומגעריכטערהייט איז ער פאַר־שוווּנדן, אַזוי ווי עס ווערט פאַרלאָשן פלוצלינג אַ מעטעאָר. דער טויט פון דעם וווּנדערבאַרן מענטש און גרויסן דיכטער איז אַזוי ענלעך אויף זיין לעבן און שאַפן.

די וואָכעדיקייט און גראָקייט זענען געווען די גרעסטע שונאים פון פּרצן. ער האָט זיי נישט געקאָנט פאַרטראָגן נישט אין זיין שאַפן, נישט אין פּריוואַטן לעבן, נישט אפילו (ווי, ליידער, זיי זענען אומפאַרמיידלעך) אין דער פּאָליטיק, און דער טויט זיינער האָט נישט געקאָנט זיין קיין גראָער און וואָכעדיקער. פּרץ, אַן אָפּגעשוואַכטער פון דער עלטער, פּרץ אויפן קראַנקן־בעט, פּרץ, וואָס זאָל אָפּשטאַרבן מיט אַ געוויינלעכן „סוף כל בשר" — דאָס וואָלט געווען אַ דיסאָנאַנס און אַן אומזין.

פּרץ איז געשטאָרבן אין אַ וווּנדערבאַרער העלקייט פון גייסט, אין די פרימאָרגן־שטונדן, ווען ער האָט אַזוי ליב געהאַט זיין באַקוועמען אַר־בעטס־טיש און זיין שאַפערישע אַרבעט, אין מיטן אַ געזאַנג, ווען די ער־שטע שטראַלן פון דער פרילינג־זון האָבן זיך אַריינגעשלאָגן אין זיין אַר־בעט־צימער:

שטילער, שטילער,
דאַנקען וויל ער,

ער האָט זיך אַ רגע אויפגעהויבן פון בענקל און איז... געפאַלן טויט, פון אַ האַרץ־שלאַג.



י. ל. פרץ אויפן טויטן-בעט

ת. ד. נאָמבערג

## דאָס ליד איז נישט דערזונגען.

זיינע לעצטע מחשבות זענען געווען פאַר יידישע קינדער, ער האָט די לעצטע צייט געאַרבעט איבער אַ זאַמלונג פון לידער און מעשיות פאַר אונדזער קליינוואַרג, און אַזוי ווי שטענדיק, ווען אַ נייע אידעע האָט אים באַגייסטערט (און ווען איז פּרץ נישט געווען באַגייסטערט?), איז ער ביי איר יינגער און פרישער געוואָרן מיט אַ גאַנצן דור. ערשט פאַר עטלעכע טעג האָב איך אים געהערט פאָרלייענען די דאָזיקע קליינע לידלעך, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אמתע קונסט-פּערל, קליינע, געטאָקטע מייסטער-ווערק, — ווי לעבעדיק זיינע אויגן האָבן דערביי געפינקלט, ווי קינדיש דער גרויסער און באַיאָרטער פּרץ איז דערביי געווען!

ווער עס האָט י. ל. פּרצן נישט געזען אין אַזוינע מאָמענטן, דער האָט קיין דיכטער נישט געזען אין זיין אמתן רייץ און גלאַנץ, ווער עס האָט פּרצן אין אַזוינע מאָמענטן נישט איניק ליב געקריגן, דער ווייסט נישט, וואָס עס הייסט ליב האָבן אַ דיכטער.

אָט אַזוי איז ער פון אונדז אוועק. מיט ליכטיקע אויגן, מיט אַ זינ-גענדיקן גייסט, ווען ער האָט פאַר יידישע קינדער געדיכטעט.

זיין טויט איז געווען שיין און גלאַנצפול, אַזוי ווי זיין לעבן און שאַפן.

(„היינט", 1915)

# די לויה פון י. ל. פרץ

„אין שטילן טרויער זיי שטארק" — טעלעגראַפירט שלום אש פון ניו-יאָרק, נאָר מיר האָבן געהאַט אַ שטומען טרויער, ווייל קיין מויל האָט זיך נישט געעפנט אויסצודריקן דעם צער פון דעם 100-טויזנט-קעפּיקן עולם, און קיין קרענץ זענען נישט געווען, און קיין זאַך האָט נישט גערעדט, — מיר זענען געווען שטום.

טויזנטער און צענדליקער טויזנטער זענען נאָכגעגאַנגען פון פאַרנט דער מיטה און פון הינטן — שטום, אָן ווערטער און אויסדרוק, בלויז אַ שוואַרצע מיטה האָט מען געזען אויף אַקסלען פון מענטשן. טויזנטער האָבן זיך געדריקט און געפּרעסט ביז צום אָפענעם גרוב, וואָס האָט געוואַרט אויפן שווין צוגעשלאָגענעם ארון. אַ שוואַרצע, געדיכטע, פון דערשטיקעניש אויסגעמאַטערטע, מענגע אַסיסטירט ביי דער שרעקלעך-שרעקלעך פּראָסטער צערעמאָניע פון אַראָפּלאָזן דעם ארון, אויף אַלע ביימער האָבן געהאָנגען מענטשן. — און ווידער זענען מיר אַלע געווען שטום, שטום, שטום...

די מענגע האָט מיך פאַרשטופּט אָן אַ זייט. קיל איז געווען אויפן בית-עולם, דער פאַרנאַכט איז אָנגעקומען, און מיך האָט געשווינדערט פון די שווערע געדאַנקען. איך האָב נישט געקאָנט זען, וואָס עס טוט זיך דאָרט עטלעכע טריט פון מיר, איצט, דאָ, אין עטלעכע מינוט אַרום, ווען פאַרשיט ווערן דאָס קבר, און עס וועט זיין נאָך אַלעם.

שרעקלעך יי ד י ש, שרעקלעך פאָרמלאָז איז געווען די לויה פון י. ל. פּרץ, גראַנדיעז, אָבער אָן פייערלעכקייט, אָן רעדעס, אָן בלומען און

קרענץ און אויפשריפטן און... אָן אָרדענונג. 100 טויזנט מענטשן זענען געגאַנגען נאָך דער לויה, 100 טויזנט טרויערנדיקע.

נאָר אַ מינוט, צי צוויי, איידער די ביז צו שווידערלעכקייט פּראָסטע קבורה איז פאָרגעקומען, איז די אונטערגייענדיקע זון אַרויס פון אונטער די וואָלקנס — אַ גרויסע, קיילעכיקע, רויטע, אַזוי ווי אַן אויג, וואָס קוקט איבער אַלע לענדער און דורות, און האָט פאַרשפּרייט אַ מאָדנע טרויעריק-האַרציקן אָפּגלאַנץ אַרום.

און דאָס איז געווען דער איינציק-פייערלעכער מאָמענט אין דער טרויעריק-פּראָסטער צערעמאָניע.

אויף דעם טויטן פּנים פון דיכטער זענען די לעצטע שטראַלן נישט געפאַלן, דער אָרון איז געווען פאַרשלאָגן נאָך אין דער היים.

די זון איז ווידער פאַרגאַנגען און ווידער איז געווען קיל און שווי-דעריק, די מענגע האָט געדרענגט פון איין זייט צום קבר, און פון קבר האָט מען געשטופּט צוריק — „שוין נאָך אַלעם, אהיים”...

אַך, ווי טרויעריק פּראָסט יידישע לויות זענען!

(„היינט”, 1915)

# דער פֿאָטער פֿון אַ ליטעראַרישער משפּחה

מען קאָן נישט רעדן וועגן אַ פּרץ־שול אין דער ליטעראַטור. ער איז נישט געווען קיין רבי, וואָס האָט אויפֿגעשטעלט תּלמידים. וואָס ער איז געווען באמת, דאָס איז — אַ פֿאָטער פֿון אַ ליטעראַרישער משפּחה.

דער רבי, דער גרינדער פֿון דער ליטעראַרישער שול, גיט די ליניע, די ריכטונג, און די תּלמידים טרעטן אויס דעם וועג. פּרץ באַדייטונג, זײַן פֿרישקייט און גלאַנץ, זענען געלעגן גראָד דערין, וואָס ער האָט נישט ליב געהאַט די אויסגעטרעטענע וועגן, אַפֿילו נישט די, וואָס זענען פֿון אים אַליין אויסגעטרעטן געוואָרן.

האָבן אַ סטיל — דאָס הייסט אין אַ געוויסער מאָס זיך אַליין אײַ־נערחזרן. די פֿאָרמירטע, אָפּגעשטעלטע פּערזענלעכקייט אַנטפּלעקט זיך אין איר בעסטן און באַדײַטנדסטן ווערק. די רעשט איז — פּאַראַפֿראַזן, ווײַל וואָס קאָן אַ פּערזענלעכקייט, אַ פּאַרטיקע, אָפּגעשטעלטע, געבן דער וועלט מער ווי זיך אַליין? און אויב דאָס איז איינמאָל געשען, קאָנען מיר נישט באַקומען, ווי נאָר וואַריאַציעס פֿון דער מוזיקאַלישער טעמע. אין זײַנע פּריוואַטע געשפּרעכן, אין זײַנע קורצע שאַרפֿע אורטיילן וועגן שרײַבער און שרײַבערײַ, פֿלעגט ער דאָס רופֿן „אַלט ווערן" זוכן, שטענדיק זוכן! בלאָנדזשען, שטענדיק בלאָנדזשען! אָבער געפֿינען און האַלטן זיך פֿעסט בײַ דעם געפֿונענעם, ווי בײַ דער לעצטער גאָטס מתּנה, דעם לעצטן אויס־דרוק פֿון אמת; אָבער אָפּשטעלן זיך אויף אַ פּאַקט מיט אַ רואיקן געוויסן און צופֿרידענעם געפֿיל פֿון „ענדלעך, ענדלעך האָב איך עס", — דאָס

האָט פּרץ פון טיפן הארצן נישט געקאָנט ליידן. אַן אַדלער זאָל נישט זוכן קיין באַקוועמע דירות, אַ נעסט אַפילו איז אַן איבעריקע זאַך. דער ווייטער ברייטער שטח איז פּוסט, אָבער — ער איז פריי און אומענדלעך. נאָר נישט איינאָרדענען זיך אַ באַלעבאַטישקייט. ער האָט נישט נאָר אין לעבן, נאָר אין דער ליטעראַטור גופא ליב געהאַט דעם ציגיינער, דאָס שטענדיקע וואַנדערן פון סטיל צו סטיל, פון פאָרעם צו פאָרעם.

דער סוד פון פּרצעס שאַפן ליגט אין דעם, וואָס ער איז ביז צום לעצטן אָטעם (וואָס ער האָט אויסגעהויכט מיט אַ קינדער-ליד) געווען אַ ג ע נ י א ל ע ר  אָ נ פ א נ ג ע ר. אומעטום האָט זיך געפּילט דער ערשטער ברען, דער צוזאָג אויף דעם, וואָס דאַרף ערשט נאָכקומען אין זיין גאַנצער גרויסקייט. אין יעטוועדער פון זיינע געלונגענע זאַכן פילט זיך דער טראָץ פון דעם יונגן קינסטלער: „וואַרט צו! ערשט וועל איך ווייזן דער וועלט!״ שטענדיק איז עס ביי אים אַן אָנהייב און נישט קיין סוף. אומעטום איז עס ביי אים דער ציטער פון אַ קינסטלער פאַר דעם אומבאַקאַנטן. נישטאָ ביי אים דער טאָן פון הרחבה און זיכערקייט, פון דעם אַלטן און געניטן געליבטן פון די מוזעס, וואָס קומט שטענדיק צו דאָס זייניקע, און ער ווייסט, אַז קיין אָפּזאָג איז פאַר אים נישט פאַראַן. אַ יונגער פאַרליבטער איז ער שטענדיק.

נישטאָ דעריבער קיין פּרץ-שול אין דער ליטעראַטור. מען קאָן זיך נישט פאָרשטעלן אַ צווייטן, וואָס זאָל קומען נאָך פּרצן, ווי אַ שטייגער, שלום-עליכם, וואָס איז געקומען נאָך מענדעלע-מוכר-ספרים. אמת, עס זע-נען געמאַכט געוואָרן פּראָבעס אין אונדזער ליטעראַטור נאָכצואַמען פּרצעס שניט אין די חסידישע מעשיות און אין די פאָלקסטימלעכע געשיכטן, אָבער די דאָזיקע פּראָבעס האָבן צו גאָרנישט (וואָס זאָל האָבן אַ ווערט) געפירט, און עס איז כמעט נישטאָ אויף וואָס אָנצווייזן. מיינסטנס איז דאָס עלנט-מלאכה. גראָד די, וואָס זענען באמת געוואַקסן אונטער זיין גליקלעכן אויג, וואָס האָבן אויפגעבליט אונטער זיין שטראַלנדיקער, באַפרוכטנדיקער פּער-זענלעכקייט — גראָד זיי זענען אין סטיל, אין דער פאָרעם און אין די מאָ-טיוון געגאַנגען גאָר אויף אַנדערע וועגן. ביי שלום אַש, וויסנבערג, רייזין איז שווער צו געפינען שפּורן פון פּרצן.

און נאָך דעם אַלעם איז דאָך קלאָר פאַר אַלעמען און עס דאַרף נישט ערשט געזאָגט ווערן, אַז מיט פּרצן הייבט זיך אָן אַן עפּאָכע אין אונדזער ליטעראַטור, אַז ער שטייט אָן דער שפּיץ פון אַ ליטעראַרישן דור, און אפשר דורות, אַז זיין באַדייטונג איז נאָך פיל מער ווי פון אַ גרינדער פון אַ שול.

דער פאָטער פון אַ ליטעראַרישער משפחה איז ער, דער דערציער פון אַ דור. דער רבי האָט אָנצוווייזן דעם וועג: אָט האָט איר דעם אמת, און איר האָט אים צו פּלעגן, צו פאַרפּלאַנצן און אָפּצוהיטן. דאָס איז אַ ב אַ-ג ר ע נ ע צ ט ע באַציאונג. אונטער דער געבענטשטער השפּעה פון אַ פאָטערלעכער באַציאונג, פון פאָטער-ליבע, פון יענעם עלעמענט, וואָס האָט שטענדיק אין זיך דעם אָפּקלאַנג פון אומענדלעכקייט, געדייען קינ-דער, אַנטוויקלען זיך כאַראַקטערן, און יעדער גייט זיין וועג, און ווו ער גייט און ווו ער קערט זיך, באַגלייט אים די פאָטערלעכע ברכה.

מען דאַרף די ווערטער נישט צו פאַרשטיין אין דעם זין, וואָס פּרץ האָט ליב געהאַט די יונגע שרייבער, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום אים. דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך, און עס געהערט צו זיין ביאָגראַפיע, נישט אַהער. איך וואָלט געזאָגט, אַז יעטוועדע משפחה, זייענדיק פאַרבונדן דורך דער געמיינזאַמקייט פון בלוט, איז אין דער זעלבער צייט די טרעגערין פון אַ וועלט-אָנשויאונג, וואָס געלאַנגט נישט צום באַוווסטזיין. זעלבסט-פאַרשטענדלעך, איז עס געערדט נאָר אין דעם פאַל, ווען די משפחה האַלט זיך אַלס משפחה און ווערט נישט צערונען אין דער אַרומיקער סביבה. אין לעבן טרעפט עס זעלטן, אַבסטראַקט אָבער איז עס ריכטיק. ביי פּרצן האָט די ליטעראַרישע משפחה אין אַ ריינער פאָרעם עקזיסטירט אַ לאַנגע ריי פון יאָרן. עס איז געווען ביי אַלעמען דאָס געפיל פון געמיינזאַמער אָפּשטאַמונג, אַלע האָבן זיך געפילט באַפרוכטעט פון איין און דער זעל-בער זון, און אַלע האָבן אין זיך געפילט די אָנוועזנהייט פון עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן אָנגערופן ווערן: די נשמה פון דער משפחה.

עס איז געווען די ליבע צו קונסט, די אמתע אינערלעכע (אין גרונט גענומען נ אַ ט י ר ל ע כ ע, וואָס קאָן זיך אָבער אַזוי זעלטן אַנטוויקלען) שטרעבונג צום שיינעם און דערהויבענעם און וואָרן, די ליבע, וואָס ווייסט נישט צו וואָס און פאַרוואָס, וואָס האָט מיט נוצלעכקייט גאָרנישט צו טון.

ווער עס האָט געזען פּרצס שטראַלנדיקע אויגן, בשעת ער האָט זיך אַנט־ציקט פון אַ געלונגענער זאַך, דער האָט זיך מיט דער ליבע געמוזט אָננע־מען און איז געוואָרן באַפרוכטעט פון איר. פון די קנייטשן פון שטערן איז אַראָפּ די זאָרג, און דאָס אויג האָט זיך אויסגעלייטערט אַפילו ביי די מענטשן מיט די טריבסטע מחשבות אונטער פּרצס בליק אין אַזוינע מאָ־מענטן. ווער עס האָט געקענט זיינע סימפּאַטיעס צו די ערשטע יידישע רע־וואָלוציאָנערן, דער האָט געוווסט, אַז זיי האָבן כלל נישט באַרוט אויף איבערצייגונגען, אָדער נייגונגען צו געוויסע פּאָליטישע שיטות; דאָס איז געווען נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אַן אויסדרוק פון דער זעלבער ליבע צום שיינעם, דערהויבענעם און וואָרן. צו וואָס דאָס פירט? — איך בין מסופק, צי ער האָט זיך אַמאָל ערנסט געשטעלט אַזוינע פראַגן. די מענטשן האָבן געהאַט קלאָרע אויגן, אין זייערע ווערטער האָט ער געהערט אַ ריינעם קלאַנג, און דאָס איז געווען גענוג און איבערגענוג.

אַזאַ ליבע באַפרוכטעט באמת, אַזאַ ליבע קאָן אויפציען אַ דור. דאָס איז דער קוואַל, פון וועלכן אַלע קאָנען טרינקען און אויפגעפרישט ווערן, וואָס ווערט אָבער קיינמאָל נישט טרוקענער.

און אַ צווייטער מאָמענט איז פאַראַן אין דעם, וואָס האָט פּרצן געמאַכט פאַר דעם פאָטער פון אַ משפחה; אַ מער באַוווסטזיניקער, וואָס האָט שוין, קאָן מען זאָגן, אַ פּאָליטישן הינטער־גרונט, דאָס איז געווען דער גלויבן אין פאָלק, אין זיינע באַהאַלטענע כוחות, אין די שלאָפנדיקע פּאָטענצן.

נישט אין דעם געשאַפענעם זאָל מען זוכן דעם שווער־פּונקט, נאָר אין דעם, וואָס וועט ערשט געשאַפן ווערן. ער האָט טיף געגלויבט אין גרויסע ווערטפולע קולטור - מעגלעכקייטן און אַנטוויקלונג - מעגלעכקייטן, וואָס זאָלן ציען זייער יניקה פון די נידעריקע שיכטן, פון דער גרויסער, גרויסער מערהייט פון יידישן פאָלק. ער איז געווען איבערצייגט, אַז פאַר דער גרויסער מערהייט האָט ביז אַהער נאָר אַ קליינער נישט באַדייטנדיקער טייל פון פאָלק גערעדט, געשאַפן און געצויגן „די גאָלדענע קייט" — די תלמידי־חכמים, די רבנים און ראשי־הקהל, אַז ערשט, ווען עס וועלן וואַך ווערן די דאָזיקע פּאָטענצן, וואָס רוען אונטן, וועט קומען דער גרוי־סער טאָג פון יידישן שאַפן.

אין דער ליבע און אין דעם גלויבן האָט ער געלעבט און געווירקט, און דורך זיי איז ער געוואָרן דער דערציער, דער אמתער פּאַטער פון אַ ליטעראַרישן דור.

די יונגע יידישע ליטעראַטור שטייט באמת ביי זיין קבר איצט, שוין אַ יאָר נאָך זיין טויט, און האָט אַלץ נאָך דאָס געפיל פון „יתומים היינו״...

(„וואַרשעווער טאַגעבלאַט״, 1916)

# אַ פּרץ־מוזעאום

פּרץ איז געווען פון די מענטשן, וואָס אומעטום לאָזן זיי איבער זייערע שפּורן. זיי גייען נישט דורך אַ וועג, ווו מען זאָל די שריט נישט דערקענען. פּרץ האָט געהאַט צו טון מיט אַ וועלט מיט מענטשן, מיט אַ וועלט מיט זאַכן, און אומעטום האָט ער איבערגעלאָזט אַ שטעמפּל פון זיין השפּעה.

און איצט, ווען דער זכרון וועגן אים איז נאָך פריש, ווען די השפּעות זענען נאָך נישט אָפּגעמעקט, איז עס די צייט צו זאַמלען און צו קלויבן אַלץ אויף איין אָרט — צו באַשאַפן אַ פּ ר ץ - מ ו ז ע א ו ם.

עס פעלט נישט ביים יידישן עולם פּיעטעט און ליבע צו פּרצן, דאָס האָבן באַוויזן די לעצטע פּרץ-טעג. און עס איז כדאי אַ טראַכט צו טון וועגן שוין צוטרעטן צו דער אַרבעט.

דאָס פּרץ-צימער אין לאָקאַל פון „הזמיר”, וואָס איז ספּעציעל איינגעאָרדנט געוואָרן ביי דער טרויער-פייערונג, איז געווען דאָס אינטערעסאַנטסטע און שענסטע, וואָס וואַרשע האָט געהאַט פון די פּרץ-טעג, אַ קליינע קאָלעקציע איז עס געווען פון פאָטאָגראַפיעס און פאַרשידענע חפצים. ווי קליין און אָרעם די קאָלעקציע איז געווען, האָט זי אונדז דאָך אַריינגעפירט אין פּריוואַטן לעבן פון דיכטער, זי האָט אונדז אים געגעבן אין זיין אינטימער סביבה. עס וואָלט געווען זייער און זייער צו באַדויערן, ווען דאָס קליינע קאָלעקציעלע זאָל ווידער צוגענומען ווערן, און עס זאָל נישט בלייבן דער קערן פון פּרץ-מוזעאום, וואָס דאַרף געגרינדעט ווערן.

דער חוב, פֿארשטייט זיך, ליגט צום ערשטן אויפֿן „הזמיר” אליין, ער זאָל נעמען די איניציאַטיוו פֿאַר דער זאַך: צו זאָרגן דערפֿאַר, אַז די קליינע קאָלעקציע זאָל אַרויסגיין פֿון פּריוואַטע הענט און זאָל זיך געפֿינען אין רשות פֿון אַ קולטורעלער אינסטיטוציע.

עס ליגט דער חוב אויך אויף אַלע אמתע פֿריינט פֿון פּרץ און זיין ווירקונג ביי יידן.

עס דאַרף קיינער נישט פֿעלן: נישט דער באַמיטלטער מיט זיין רובל, נישט דער אַרבעטער מיט זיין גראָשן.

עס דאַרף אוועקגעלייגט ווערן דער שטיין צו אַ פּרץ-מוזעאום.

(„וואַרשעווער טאָגעבלאַט”, 1916)

# אַ פּרץ־פּאָנד

אויף פּרצס ארון זענען קיין בלומען־קרענץ נישט געלייגט געוואָרן;
ביי פּרצס קבר זענען קיין הספּדים נישט געהאַלטן געוואָרן. עס האָט זיך
אויף דער דאָזיקער לויה געפילט אַ שטילער אָפּמאַך נישט צו ווערן באַנאַל
און נוצלאָז ביי דעם אמתן פאָלקס־טרויער. בלומען פאַרוועלקן, און הספּדים
פאַרקלינגען, אָבער דער זכרון פון פּרץ, וואָס לעבט ביי אונדז אין די
הערצער, די ליבע צו דעם שאַפנדיקן גייסט, וואָס ווערט ביי אונדז נישט
פאַרלאָשן, מוז אויסגעדריקט ווערן אויף אַנדערע וועגן. נישט דורך בלו-
מען און רעדעס. עפּעס מוז געשאַפן ווערן; אַן אינסטי-
טוציע, וואָס זאָל ווערט זיין צו טראָגן דעם נאָמען פון פּרץ, מוז געבויט
ווערן. אָט אַזוי איז כמעט ווי פון זיך אַליין אַנטשטאַנען די אידעע פון
שאַפן אַ פּרץ־פאָנד.

הונדערט טויזנט זענען אין ווארשע נאָכגעגאַנגען נאָך זיין לויה;
צענדליקער טויזנטער פון אַנדערע שטעט אין רוסלאַנד, צענדליקער טויזנ-
טער אין אַמעריקע, וואָס זענען נאָך זיין לויה נישט נאָכגעגאַנגען, פילן
אומבאַדינגט דעם חוב אויסצודריקן זייער טרויער און זייער אכטונג צום
פאַרשטאָרבענעם פּאָעט אויף וועלכן עס איז אופן. די אידעע פון אַ פּרץ-
פאָנד דאַרף דעריבער נישט ערשט פּאָפּולאַריזירט צו ווערן, זי איז אַ האַר-
ציקער ערן־חוב, וואָס מיר זענען שולדיק י. ל. פּרצן, און יעדער פון אונדז
וועט אָן שום ספק מיט פרייד באַגריסן די מעגלעכקייט דעם חוב צו באַ-
צאָלן.

אָבער די מעגלעכקייט דאַרף אונדז ערשט געגעבן ווערן, דער פּרץ־פאָנד מוז ערשט אָרגאַניזירט ווערן, אַריינגענומען ווערן אין די ראַמען פון אַ לעגאַלער אינסטיטוציע און נאָר צום ערשטן מוז מען קומען צו אַ באַשלוס וועגן דעם, אויף וואָס דער פּרץ־פאָנד זאָל אויסגענוצט ווערן, וועלכע צוועקן ער זאָל זיך שטעלן. מיר דאַרפן זיך פריער ערשט צוזאַמענרעדן, און עס וואָלט דעריבער זיין זייער נעווונטשן, אַז אונדזער פּרעסע און אונדזערע קולטור־פאַראיינען און ליטעראַרישע קרייזן זאָלן די פראַגע נעמען באַטראַכטן און אויסדריקן זייערע מיינונגען.

אַ גרופּע קיעווער יידישע סטודענטן האָט געמאַכט די התחלה. זיי האָט אין „די וואָך" פאָרגעלייגט איר פּלאַן, אַז דער פּרץ־פאָנד זאָל אויסגענוצט ווערן אויף יידישע פרעבל־קורסן. מען קאָן געוויס מסופק זיין, צי דער פּראָגראַם איז נישט צו ענג און באַגרענעצט אויף אַ פּרץ־פאָנד. ווייטער איז אַ פראַגע, צי זאָל דער פּרץ־פאָנד האָבן מער אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, צי מער אַ ליטעראַרישן; צי זאָל ער זיין באַגרענעצט אין אַ טעטיקייט בלויז אויף יידיש, אויף דער שפּראַך, וואָס איז פאַרשטענדלעך פאַר די יידישע מאַסן, צי דער פּרץ־פאָנד זאָל אויך אַרייננעמען ריין־ליטעראַרישע אויפגאַבן, און אויף אַזאַ אופן זאָל זיך זיין טעטיקייט אויסדריקן אין ביידע ליטעראַטורן.

מיט איין וואָרט: דאָס צוזאַמענרעדן זיך וועגן די צוועקן פון אַ פּרץ־פאָנד איז נענוג פאַרוויקלט און וועט געוויס האָבן צו באַקעמפן שוועריקייטן, און עס איז דעריבער פון גרויסן נוצן, אַז די פראַגע זאָל באַלויכטן ווערן פון פאַרשידענע זייטן.

מען מוז נעמען אין אכט:

א) די איבערצייגונגען און סימפּאַטיעס פון י. ל. פּרץ;

ב) אַז דער פּרץ־פאָנד דאַרף צו זיין אַ פאָלקס־אינסטיטוציע אין ברייטסטן זין פון דעם וואָרט;

ג) אַז מען מוז זיך רעכענען מיט די רעאַלע באַדינגונגען, מיט די מעגלעכקייטן ביים אָרגאַניזירן און פירן אַזאַ אינסטיטוציע.

ת. ד. נאָמבערג

די זאַמלונגען אויף אַ פּרץ-פאָנד האָבן זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך פּרצעס טויט, ווי געזאָגט, פון זיך אַליין, אָן שום אַגיטאַציע, און זיי ווערן ווייטער געפירט. אָבער די אַרבעט וועט קאָנען געטון ווערן מיט דערפאָלג ערשט נאָכדעם, ווי דער לאָזונג וועט געגעבן ווערן און די צילן און דער כאַראַקטער פון פאָנד וועלן באַשטימט ווערן.

דאָס איז די אַרבעט פון דעם צוזאַמענרעדן זיך, וואָס דאַרף ברענגען צו באַשטימטע באַשלוסן אין אַ קורצער צייט.

(„וואַרשעווער טאַגעבלאַט“, 1916)

# דאָס מעשׂהלע פון פּרץ

די יאָרצייט פון י. ל. פּרץ איז אין ווארשע, ווי אויך אויף דער פּראָווינץ, געפייערט געוואָרן, קאָן מען זאָגן, דורכן גאַנצן פאָלק. פאַרזאַמלונגען, אָוונטן, מאַסן-מיטינגען און טעאַטער-פאָרשטעלונגען זענען געווען אין די צענדליקער, און אַלע זענען געווען פול געפּאַקט. מען האָט פיל גערעדט וועגן פּרצן. און פאַרשידן גערעדט: עס האָבן גערעדט נאָענטע און ווייטע, חברים פון זיין גלויבן און זיינע מעשׂים, און קעגנער האָבן גערעדט: וולאַדימיר מעדעם גלייכצייטיק מיט הלל צייטלין האָבן געערט זיין אָנדענק. די דאָזיקע טעג זענען געווען פּרץ-טעג: דער ליבער פּאָפּולערער נאָמען האָט זיך געטראָגן אין דער לופטן און האָט אויסגעפילט די אַטמאָספער.

און ווען מען דערמאָנט זיך די פאַרגאַנגענהייט, אַ יאָר צוריק, ווען מיר האָבן דעם גרויסן מת געטראָגן דורך די הינטערגאַסן, און מיר זענען מיט אונדזער צער געווען צו שאַנד און צו שפּאָט, און קיין איינציק וואָרט האָט נישט געדאַרפט גערעדט ווערן אויף זיין קבר — וואָסער אונטערשיד!

פיל, פיל מענטשן איז דער רעיון געקומען אין קאָפּ אַריין, פיל האָבן אים אַרויסגעזאָגט.

און דער שרייבער פון די שורות האָט מסתמא אויך אַזוי געטראַכט. אָבער אַ מאָדנע זאַך: איצט, ווען דאָס אַלץ איז אַריבער, די פייערונגען זענען געפייערט געוואָרן, די רעדעס — געהאַלטן געוואָרן און מיר האָבן י. ל. פּרצן איבערגעגעבן דער היסטאָריע, און איך וויל מאַכן דעם פאַר-

גלייך פון היי־יאָר צו פאַראיאָרן, דאַכט זיך מיר אויס, אַז יענע טריבע טרויעריקע טעג, מיט זייער טיפן אומעט, מיט דער נידערגעשלאָגנקייט און צעבראָכנקייט, זענען געווען גרעסער, באַדייטונגספולער, און די שפורן, וואָס זיי האָבן געלאָזט, זענען פיל טיפער, ווי די היי־יאָריקע, און זיי האָבן זיך מער איינגעקריצט אין זכרון.

פאַרוואָס?

צי אפשר נישט טאַקע דערפאַר, וואָס מיר האָבן  ג ע ש וו י ג ן ? א געצוואונגען שטיל־שווייגן פון א פאָלק, וואָס איז פול מיט טרויער, איז עס געווען, און אַזא שטיל־שווייגן שרייט ביז צום הימל!

יענע פּראָצעסיע פון פיל צענדליקער טויזנטער, מיט דער שוואַרצער מיטה אויף די אַקסלען פאַראויס, מיט דעם אויטאָמאָביל, וואָס איז אַריינגעפאָרן אין מיטן, ווי אויף צו להכעיס, — איך מיין, נאָך איצט רופט זי אַרויס א שוידער, בשעת מען דערמאָנט זיך. די איצטיקע פּרץ־טעג אין וואַרשע זענען אַריבער מיט גרויס פּאַראַד, און אין האַרצן בלייבט יענע גראָקייט, וואָס קומט נאָך יעדן פּאַראַד.

און עס דערמאָנט זיך מיר א מעשהלע, וואָס פּרץ פלעגט אַזוי אָפט דערציילן יעדן נייעם באַקאַנטן, וואָס ער האָט ליב באַקומען, און א שטיק פון זיין וועלט־אָנשויאונג איז געלעגן אין דעם מעשהלע.

מיט א יונגער פּרינצעסין אין א שלאָס, מיט א פאַרבאָטענעם גאָרטן, הויבט זיך דאָס מעשהלע אָן, אָבער די פּרינצעסין האָט שטאַרק געבענקט, און זי האָט זיך געלאָזט אַליין שפּאַצירן אין דעם פאַרבאָטענעם גאָרטן. זי האָט דאָרט דערזען אַזוינע שיינע בלומען, וואָס האָבן זי שיכור געמאַכט מיט זייער אויסזען; זי האָט דאָרטן דערזען קליינע געשיקטע חיהלעך, וואָס אַפילו א פאַנטאַזיע פון א יונגער פּרינצעסין האָט זיך אַזא גראַציעזקייט נישט געקאָנט פאָרשטעלן. און אָט איז עס געשען: די פּרינצעסין האָט א בלום אָפּגעריסן מיט פאַרבענקטער צאַרטקייט, און ווי זי האָט די בלום גענומען אין האַנט אַריין, איז זי באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א מיאוס שטיק קויט, וואָס האָט נאָר אַן עקל אַרויסגערופן; ווי זי האָט געפּרוווט אַזא קליין חיהלע צו נעמען אין האַנט און עס געוואָלט לאַשטשען, האָט זי דערזען ביי זיך אין האַנט א גליטשיקע, ווידריקע, גרינע זשאַבע, און זי האָט זיי אַוועקגעוואָרפן מיט א שוידער, מיט אַן עקל. אָבער ווידער האָט

זי געננומען שפּאַצירן, און די שיינע בלומען האָבן מיט זייער איבערערדי-שער שיינקייט געלאָקט, די חיהלעך האָבן גערופן, געבעטן אַ לאַסקע, און ווידער האָט זי זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און... עס איז ווידער דאָס זעלבע געשען. לאַנגע, לאַנגע צייטן זענען אַזוי פאַראיבער אין בענקעניש און אַנטוישונג, און דער דאָזיקער וועקסלדיקער פּראָצעס האָט זי אַזוי באַשעפּטיקט, אַז זי האָט פאַרגעסן איר שלאָס און איר היים. עס האָט לאַנג געדויערט, און זי האָט זיך קיין חשבון נישט אָפּגעגעבן, ביז איינמאָל איז זי געבליבן זיצן מיד, זי האָט שוין מורא געהאַט אויסצושטרעקן די האַנט נאָך אַ בלום... און פון אַ הייל אַרויס איז געקומען אַ קאַרליק, אַנט-קעגן געטראָגן איר אַ שפּיגל פאַרן פּנים און דאָ האָט זי דערזען: אירע האָר זענען געוועזן שניי-ווייס, דאָס פּנים פול קנייטשן, די פיגור געבויגן — די יונגע פּרינצעסין איז אַן אַלטע געבראָכענע זקנה געווען. אין דעם דאָזיקן זוכעניש, אין דעם וועקסל פון בענקשאַפט און עקל און אַנטוישונג, איז איר לעבן דורך.

צי נאָר איר לעבן?

עס איז געווען אַ גרונט-זאַץ פון פּרצס עסטעטישער וועלט-אָנשוי-אונג, אַז נאָר אין דעם, וואָס איז נאָך נישט דערגרייכט געוואָרן, ליגט אַ שיינקייט, קיינמאָל נישט אין דעם פּאַרטיקן, אין דעם דערגרייכטן. דאָס לעבן איז מיאוס, דאָס לעבן איז קויט און זשאַבעס, דאָ איז קיין אָרט פאַר באַפרידיקונג נישטאָ, אין אונדזער בענקשאַפט ליגט די שיינקייט, אין דער נישט-אָפּגעפליקטער בלום. און דעם דאָזיקן עסטעטישן פּרינציפּ האָט ער ווייט און ברייט, אָנגעווענדט, אַזוי אין זיין שאַפן, אַזוי אויך אין זיין לעבן.

און ווי דאָס לאָזט זיך אָנווענדן אויך אַנטקעגן דעם אונטערשיד פון היי-יאָר און פאַראיאָרן: דעמאָלט איז אונדזער טרויער געווען אַ נישט-אָפּגעפליקטע בלום, אַ תהום פון צער איז געלעגן אין אונדזער שווייגן; היי-יאָר האָבן מיר געפּייערט, גערעדט, פיל גערעדט, קלוג און נאַריש גע-רעדט, ערנסט און חניפהש גערעדט, און מען האָט די גרויסע פּערזענלעכ-קייט געצווינגן יעדער אויף זיין זייט, בשעת פאַר איינע איז ער געווען דער ראַדיקאַל און דעמאָקראַט, האָבן די צווייטע אים שיער נישט אָנגעטון זיין אייגן, אַזוי סאַרקאַסטיש-אויסגעלאַכט „שטריימל”...

ה. ד. נאָמבערג

יאָ, דאָס דערגרייכטע איז נישט אינטערעסאַנט, שיין — אוודאי נישט.

* * *

איך האָב נאָך געוואָלט אויסבעסערן אויף דעם אָרט אַ פעלער, וואָס איינער פון די רעדנער, ה׳ נח פּרילוצקי, האָט געמאַכט בנוגע דער באַציאונג פון פּרצן צו דער יידישער שפּראַך, עס האָט אויך אַ שייכות צו דער מעשה און צו דער כאַראַקטעריסטיק פון פּרצן.

אָנווייזנדיק מיט רעכט אויף דער באַציאונג פון פּרצן צו יידיש, וואָס האָט זיך געענדערט פון זינט ער האָט אַרויסגעגעבן די „יידישע ביבליאָטעק" ביז צו די לעצטע יאָרן, האָט ה׳ פּרילוצקי דערמאָנט, אַז פּרץ איז געווען אַ קעגנער פון דער טשערנאָוויצער רעזאָלוציע, וואָס זאָגט, אַז יידיש איז אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק. וועגן דעם, אַז פּרץ האָט דורכגעמאַכט אַ געוויסע ליניע בנוגע יידיש, דערין איז קיין שום ספק נישט פאַראַן. אָבער עס איז לייכט צו דערקענען, אַז מיר האָבן דאָ נישט צו טון מיט קיין געבראָכענער ליניע, מיט זיגזאַגן, נאָר מיט אַן אַנט-וויקלונג. דער אַרויסגאַנג-פּונקט איז שטענדיק געווען די אמתע צוגעבונדנקייט צו יידיש. וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער פּרצס אָפּאָזיציע צו דער טשערנאָוויצער רעזאָלוציע, איז עס נישט מער ווי אַ מיספאַרשטענדעניש. אויף דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ און אויך פּריוואַט פלעגט פּרץ טענהן: איך בין איבערצייגט, אַז אויף יידיש דאַרף די יידישע צוקונפט געבויט ווערן, אַז יידיש דאַרף ווערן די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידן, אַז זי מוז און וועט דאָס ווערן. אָבער כל-זמן מיר האָבן נאָך נישט אונדזערע אַלטע קולטור-אוצרות אַהער אַריבערגעפירט, כל-זמן מיר האָבן נאָך נישט אויף יידיש אונדזער ירושה פון דורות, אונדזערע אַלטע נאַציאָנאַלע ווערק, איז יידיש פאָרלויפיק אַ פאָלקס-שפּראַך. אויף אונדז ליגט דאָס דער חוב זי צו מאַכן פאַר אַ נאַציאָנאַל-שפּראַך. צוליב פּאָליטישע מאָטיוון איז פאַרבאָטן צו זאָגן, וואָס נישט ריכטיק איז, וואָס איז נאָך נישט אמת. פון פּרינציפּיעל זיין קעגן דער טשער-נאָוויצער רעזאָלוציע קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין. אין תוך אַריין איז ער

אומעטום אַרויסגעטרעטן אַלס קעמפער, און זייער הייסער קעמפער, פאַר איר.

און איך וועל קיין טעות נישט האָבן, אויב איך וועל זאָגן, אַז אויך אין זיין באַציאונג צו יידיש איז געלעגן דאָס מעשהלע. יידיש האָט פאַר אים געהאַט די גרויסע צוציאונג-קראַפט טאָקע דערמיט, וואָס זי איז פאַר אים געווען אַ נישט-אָפּגעפּליקטע בלום, וואָס האָט געוועקט די בענקשאַפט זי צו שאַפן. ער האָט וועגן איר געחלומט, וועגן דעם גרויסן און שיינעם, וואָס זי וועט אַרויסגעבן, בשעת זי וועט זיך צעבליען. דער גרונט-זאַץ, אַז יידיש ד א ר ף צו ווערן אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך, האָט פאַר אים גע-האַט פיל מער באַדייטונג, ווי דער גרונט-זאַץ, אַז יידיש איז דאָס שוין.

ווייל אין פּרצן איז געווען פיל, זייער פיל פון יענער יונגער פּרינ-צעסין פון דעם מעשהלע.

(„וואַרשעווער טאָגעבלאַט", 1916)

# י. ל. פרץ

## (שטריכן צו זיין כאַראַקטעריסטיק)

דאָרט גייען אַרום די שאָטנס פון נאָך נישט געשעענעם, פון נאָך נישט באַשאַפענעם; אומרואיקע שאָטנס, וואָס רייסן זיך, קעגן גאָטס ווילן, צו ליכט און לעבן פאַר דער צייט, נאָך איידער ער האָט זיי מיט פלייש און בלוט פאַרקליידט.

*

ער איז פון די... וואָס קומען און פאַרשווינדן ווי אַ בליץ.

י. ל. פרץ

אַ כאַראַקטעריסטיק פון פרצס שאַפן, פון זיין קינסטלערישער פערזענלעכקייט, איז נישט פון די גרינגע זאַכן. איך בין מסופק, צי אַן אָביעקטיווע כאַראַקטעריסטיק, אַן אויספירלעכע, וואָס זאָל אויסשעפּן דאָס מאַטעריאַל, איז אַן אַרבעט פאַר איין מענטש. ווייל דאָס מאַטעריאַל איז צו רייך, — פרץ האָט זייער פיל געשריבן, — דערביי איז דאָס מאַטעריאַל זייער שוואַך אינעווייניק פאַרקניפּט און פאַרוועבט צווישן זיך; מער נאָך: דאָס מאַטעריאַל איז אַזוי פול מיט אינעווייניקסטע סתירות, אַז איר פילט זיך דערין, ווי אין אַ וואַלד, וווּ עס זענען צונויפגעמישט אַלערליי ביימער און אַלערליי געוויקסן פון פאַרשידענע קלימאַטן, געוויקסן, וואָס קאָנען, דאַכט זיך, אויף איין און דעם זעלבן באָדן, אונטער דעם זעלבן הימל, נישט געדייען. געוויס: די אַרבעט פון כאַראַקטעריסטיק וועט באַשטיין דערין, אויסצוטיילן פון דעם רייכן מאַטעריאַל דאָס וויכטיקסטע און כאַראַק-

טעריסטישע. לאַזנדיק אַן אַ זייט אַלץ, וואָס זעט אויס צו זיין צופעליק, און אַזוי אַרום אַנצוטייכענען די גרונט-ליניען פון דער אייגנאַרט, פון דער פּערזענלעכקייט.

אָבער די דאָזיקע מלאכה אַליין — אויסצוטיילן דאָס וויכטיקע — איז שוין אַ סוביעקטיווע זאַך. מ י ר זעט אויס ד אָ ס וויכטיק אין פּרצס שאַפן, אַן אַנדערן — עפּעס אַנדערש. די פּאָר באַמערקונגען, וואָס איך וועל דאָ געבן, קאָנען דעריבער נישט פּרעטענדירן נישט אויף אָביעקטיוויטעט, נישט אויף אויספירלעכקייט. זיי זענען אויך נישט דער פּראָדוקט פון גענויען שטודיום אין פּרצס ווערק. ניכער — אַ סוביעקטיווע אויפפאַסונג, באַגרינדעט אויף פּערזענלעכע איינדרוקן אין פאַרלויף פון אַ ריי יאָרן, ווי אַזוי ער האָט געלערנט, געשאַפן און געקעמפט.

* * *

פּרץ איז, ווי דאָס איז אַלעמען באַוווּסט, געווען אַ רעוואָלוציאָנער אין דער קונסט, אַ רעוואָלוציאָנער און צעשטערער אין דער ליטעראַטור. די פריילעכע אַרבעט פון אברהם אבינו, צו צעשטערן געטער, איז אים זייער געפעלן. ער האָט ליב געהאַט דאָס נייע. ער האָט געקעמפט קעגן אַלע שטאַרע פאָרמען. יעדע נייע ליטעראַרישע פאָרעם, יעדע נייע „שול", אַלערליי „סעצעסיעס" האָבן ביי אים שטאַרק אויסגענומען, ער האָט אָנגעשריבן „דאָס שטריימל" און „מוסר", ווו אין נאָמען פון פרייהייט ווערן פאַרקאַסטיש און בימער אויסגעלאַכט אונדזערע געזעלשאַפטלעכע נאָרמען פון געשלעכטלעכן לעבן. דערביי האָט ער אָנגעשריבן די הערלעכע פּאָעמע „דריי מתנות", ווו עס ווערט באַזונגען די צניעות פון אַ בת-ישראל, וואָס פאַרגעסט נישט צו פאַרשפּיליען זיך דאָס קלייד בשעת אַ גרויזאַמער עקזעקוציע. דער רעוואָלוציאָנער, ווי אייך איז באַקאַנט, האָט צוריקגעקערט צום רייכן עבר, און דווקא דאָרט האָט ער געפונען אַ פעסטן באָדן, און האָט זיינע הערלעכסטע זאַכן — די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" און די חסידישע מעשיות — געשאַפן.

די קליינע העבראַאישע ביכלעך „החץ" און „העוגב" זענען זייער און זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר פּרצס שאַפן, פאַר די וועגן, וואָס ער

האָט נ ע ז ו כ ט אין דער קונסט מיט א יאָר 20 צוריק. פאַראַן דאָרט א ליד „תמורה", וואָס האָט זיין גלייכן נישט, האַלב-מיסטיש און נעפּלדיק, פול וווּנדערבאַרע קלאַנגען, טיף אין דער שטימונג און רייך אין אויסדרוק. דאָרט ווערט איר געפינען דעם פּרץ, אַזוי ווי ער האָט געוואָלט זיין, דער פּאָעט פון דער צוקונפט, „פון נאָך נישט געשעענעם, פון נאָך נישט באַ-שאַפענעם, אָבער קוים געאַנטן". דער ריכטיקער גרויסער פּרץ אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז גראָד אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" א ריי יאָרן שפּע-טער. און דאָ איז ער גראָד קלאָר, פאַרענדיקט, פאַרבענקט צו די שאָטנס פון דער פאַרגאַנגענהייט, איינגאַנצן פאַרזונקען אין זיי. מען ווערט א גלוי-ביקער אין מזל, ווען מען באַטראַכט, ווי היין פּרץ האָט אויסגעשפּרייט זיינע זעגלען און ווי דער ווינט האָט זיין שיף געטראָגן גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג.

ווי אַזוי איז דאָס געשען?

עס איז דערצו נויטיק, מיר זאָלן האָבן כאָטש א מאָס אין דער האַנט — א קלאָרע פאָרשטעלונג, וואָס איז קונסט. מיר וועלן דערביי בעסער טון, אויב מיר וועלן זיך אָבשטעלן אויף דער נעגאַטיווער זייט: וואָס קונסט איז נישט. ביי ש אָ פּ ע נ ה ו י ע ר ן הייסט עס, אַז ווו איר גע-פינט דעם ווילן צום לעבן, דאָרט הערט אויף דאָס געביט פון קונסט. אויב אַלץ וואָס מיר טוען, קאָן דורכגעפירט ווערן צו דעם איינפאַכן ווילן צו עקזיסטענץ, איז דערביי אַלץ, אין גרונט גענומען, זינד און הבל-הבלים, ווייל דער העכסטער ציל איז דאָך די נישט-עקזיסטענץ, די פאַרניכטונג פון ווילן, די נירוואַנאַ, אויף דעם דאָזיקן שוואַרצן פּעסימיסטישן פאָן טיילט זיך אויס די קונסט, אַלס א טעטיקייט א „ריינע", וואָס איז נישט איינגעטונקט אין „הבלי-העולם", וואָס דערקענט צוליב דערקענען, וואָס זעט דעם מהות.

מיר וועלן דעם גרונט-זאַץ נעמען אָן זיין פּעסימיסטישן אונטער-גרונט. קונסט מוז זיך באַפרייען פון לעבן. די שענסטע רעדע פון אַן אַד-וואָקאַט קאָן נישט צוגערעכנט ווערן צום געביט פון דער קונסט, ווייל זי האָט דעם ציל צו באַפרייען דעם באַשולדיקטן אד"גל. קיין פּערזענלעכן אָדער געזעלשאַפטלעכן אינטערעס איז נישט צו פאַראייניקן מיט קונסט. דאָ ליגט דער סוד דערפון, וואָס די גרויסע רעאַליסטן, וואָס זייער קונסט

שטייט אין באַרירונג מיטן קאָכעדיקן לעבן, מוזן דערגרייכן צו אַ מדרגה פון קדושים, הייליקע, כדי צו קאָנען פאַרענטפערן די פּראָבלעמס: צו זיין נישט-פ ע ר ז ע נ ל ע ך, צוצוגיין מיט דער באַציאונג פון געטער צו דעם, וואָס שפּילט זיך אָפּ נישט נאָר אַרום זיי, נאָר אין זיי, מיט זיי. געטהע, שעקספּיר, טאָלסטאָי האָבן דערגרייכט, אָדער זיי האָבן געשטרעבט צו דער-גרייכן צו אַזאַ מדרגה פון אויסטון זיך פון לעבן און דאָך עמפּינדן עס אויפן שטאַרקסטן אופן.

אַנדערש איז, ווען דער פּאָעט שטרעקט אויס זיין האַנט צו דער פאַרגאַנגענהייט, דאָרט ליגן וועלטן אָפּגעקילטע, טאָטן און געפילן, וואָס באַרירן נישט פּערזענלעך; אַנדערש איז אויך, ווען ער שטרענגט אָן זיינע אָדלער-אויגן צו דער צוקונפט, פול דערוואַרטונג, פול ציטערניש פאַר דעם, וואָס דאַרף קומען.

מאָלט אייך אויס: איר זענט אין אַ שמוציק שטעטל, ס׳גענוגט, אויב איר וועט זיך אויסדרייען מיטן פּנים, כדי צו האָבן אַ לאַנדשאַפט, ווו דאָס קליינלעכע און פּיינלעכע גייט פאַרלוירן, און אויב איר האָט דאָס אויג פון אַ מאָלער, און די נשמה פון אַ דיכטער אין זיך, מאָלט איר אַ הערלעכע וועלט. דאָס זעלבע, ווען איר ווילט דורכן ווייטן גראָען נעפּל, וואָס פ אַ ר אייך, אַ נ ע ן, וואָס דאָרט איז, וואָס אייך דערוואַרט, וואָסערע גרויסע גליקן און נישט-אויסגעפּרוווטע זעליקייטן דאָרטן ליגן באַהאַלטן, און איר, זינגט דאָס ליד פון דער צוקונפט.

אָבער פ אַ ר אייך איז שמוץ, פאַר אייך זענען ווילדע געשרייען, אַ פאַרווירט לויפן, קללות, מיאוסקייטן, אומזין, איר מוזט זיך אַליין הויך, הויך ד ע ר ה ו י ב ן פונדאַנען, כדי דיכטעריש עס צו עמפּינדן.

דאָס בענקען צו דער צוקונפט, דאָס צוריקקערן זיך צו דער פאַר-גאַנגענהייט, שטאַמען פון איין סיבה. פּרץ האָט נישט געגלויבט אין לעבן. ער האָט, דאַכט זיך מיר, ערגעץ-ווו ביטער אויסגעלאַכט אפילו די טעאָ-ריעס פון פּראָגרעס, אַז אַלץ גייט צום גוטן, נישט פּראָגרעס איז פאַראַן, נאָר אַ ריי פון חלומות וואָס וועקסלען. דער מאָרגנדיקער חלום איז בעצם נישט בעסער ווי דער נעכטיקער, אוןביידע זענען נישט מער ווי שפּינ-וועבס, אָבער ער איז אַ נייער, נאָך נישט אויסגענוצט, און דעריבער איז ער נאָך אימשטאַנד צו געבן אַן אימפּולס צו לעבן, אַן אילוזיע. די גאַנצע

קונסט פון לעבן באַשטייט אין דעם, צו שאַפן אילוזיעס, צו וועבן נייע חלומות. ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער און מען קאָן זאָגן אַ סאָציאַ־ליסט, נישט ווייל דער סאָציאַליזם איז אים געפעלן, נ אָ ר ד ע ר פ א ר, ווייל ער דאַרף ערשט קומען, ווייל „ער האָט נאָך נישט קיין פלייש און בלוט", פשוט גערעדט: ווייל ער געהערט נאָך נישט צו די לאַנגווייליקייטן פון לעבן.

פּרץ פלעגט ליב האָבן צו דערציילן אַ מעשהלע. איך האָב עס פיל מאָל געהערט פון אים, און יעדעס מאָל, ווען ער איז גענייגט געווען צו פילאָזאָפירן. דאָס איז אַ מעשהלע פון אַ בן־מלך, וואָס דרייט זיך אַרום פאַרשפּאַרט אין אַ פּרעכטיקן גאָרטן, ווו ס'וואַקסן די שענסטע בלומען. אָן אָנזאָג האָט דער בן־מלך, נישט צוצורירן זיך צו די בלומען; אָבער די בענקשאַפט נאָגט אים ביים האַרץ, ער קאָן זיך נישט איינהאַלטן און פליקט אָפּ אַ בלימל. אָבער דאָ געשעט די מעטאַמאָרפאָזע, קוים רירט ער זיך צו מיט דער האַנט צום בלימל, ווערט עס אַ שטיק מיאוסע בלאָטע, און ער וואַרפט עס אַוועק מיט עקל. אַזוי גייט דורך דאָס גאַנצע לעבן פון בן־מלך צווישן בענקשאַפט און עקל.

אין תוך גענומען איז עס האָפענונגלאָזער פעסימיזם, וואָס ליגט אין גרונט פון פּרצס אָנשויאונגען. נישט נאָר גוטס און שלעכטס איז אַ פּראָדוקט פון קאַפּריזנע חלומות, נאָר אויך שיין און מיאוס זענען נישט מער, ווי אַן אויסדרוק פון ׳אַ בענקשאַפט. אין דער רעאַליטעט איז אַלץ מיאוס.

דער פעסימיזם איז די מאַמע פון אַפּאַטיע. און וואָלט פּרץ געווען אויסגעהאַלטן אין זיינע אָנשויאונגען, וואָלטן זיי זיך שווער געלייגט אויף זיין לעבן און שאַפן. צום גליק האָט פּרץ געהאַט אַ צו לעבעדיקן טעמפּע־ראַמענט און אַ גרויסן שאַפונג־דראַנג. די גאַנצע טרויעריקע פילאָזאָפיע באַרירט ווייניק זיינע טיפּענישן, העכסטנס איז זי נאָר דערויף פאַראַן, אויף צוצוגעבן אַ געוויסן חן און אַ צירלעכע קאָקעטעריע דער געזונטער לעבנס־לוסט.

אינטערעסאַנטער פאַר אַלעם איז אָבער ביי פּרצן און זייער כאַ־ראַקטעריסטיש, ווי אַזוי ער ב א ט ר א כ ט דעם העכסטן מאָמענט פון מענטשלעכער טעטיקייט — דעם פּראָצעס פון שאַפן. דאָס איז נישט ביי

אים, ווי ביי אַנדערע גרויסע מייסטער, אַ מאָמענט פון דער העכסטער נעשפּאַנטקייט פון אַלע גייסטיקע כוחות, אַ מאָמענט פון קלאָרקייט און דורכזיכטיקייט, ווען די וועלט אַנטפּלעקט זיך אין איר עצם מהות פאַר דעם שאַפער, וואָס זעט מיט אָפענע אויגן; גאַנץ ווייט איז עס פון יענעם דענקען מיט ב י ל ד ע ר, דער אידעאַל פון ביעלינסקי. ביי פּרצן איז עס פּונקט פאַרקערט; אַ מאָמענט פון פולשטענדיקער טונקלקייט אין באַוווסטזיין, אַ מין געטלעכע שיכרות, וואָס באַפאַלט דעם שעפער: אַ ניגון, נישט בלויז אָן ווערטער, נאָר אפילו אָן קלאַנגען — דאָס איז די העכסטע מדרגה פון אָט דעם צושטאַנד. פון אַלע קונסטן צייכנט זיך אויס די מוזיק דערמיט, וואָס זי אָפּערירט אַמווייניקסטן מיט די עלעמענטן פון אונדזער באַוווסטזיין, די אַזוי גערופענע אילוסטרירנדיקע מוזיק געהערט צו די נייאיקייטן, אין תוך אריין איז די מוזיק דער אָטעם פאַר אונדזער באַוווסטזיין, וואָס פאַרשיכורט און פאַרנעפּלט. ביי פּרצן איז דער העכסטער גייסטיקער מאָמענט שטענדיק צוזאַמענגעפּאָרט מיט אַזאַ מוזיקאַלישער שיכרות פון גייסט. („מקובלים", „משנת חסידים", ערטערווייז אין דער „גאָלדענער קייט"), וואָס פאַר אַן אַנדערן איז די נירוואַנאַ, דאָס אַבסאָלוטע אויסלעשן פון באַוווסטזיין דורך לאַנגע אָנשטרענגונגען פון געדאַנק, דאָס וויל פּרץ דערגרייכן דורך דעם ש ט י ל ש וו יי ג ן פון באַוווסטזיין אין מוזיקאַלישן עקסטאַז.

אָבער בשעת די נירוואַנאַ איז אַ דויערנדיקער צושטאַנד, וואָס ווען ער ווערט איינמאָל דערגרייכט, ווערט דערגרייכט דערמיט די פּערזענלעכע אויסלייזונג אויף אייביק, איז דאָך דער מוזיקאַלישער עקסטאַז, דאָס שיכרות פון גייסט, צו דענקען נאָר ווי אַ מאָמענט, וואָס גייט דורך. דאָס העכסטע גליק פון לעבן קאָן דורכגעלעבט ווערן נאָר אין קורצע פאַראיבערגייענדיקע מאָמענטן. דאָס זענען נאָר בליצן אין דער אייביק-פינצטערער, גליטשיקער און מאַטערנדיקער נאַכט.

איר קאָנט אייך דענקען די וועלט, ווי אַ גרויסע פינצטערע מאַסע; די פּערזענלעכקייט — אַ ברענענדיקע שטראַלנדיקע זון, וואָס אין איר ליכטיקייט דערזעט איר נישט די וועלט אין איר וועזן, אָבער די ליכטיקייטן זענען פאַרשידענע, און ביי פאַרשידענע קינסטלער זעט איר פאַרשידענע וועלטן. געטהע, שעקספּיר און די איבעריקע קלאַסישע קינסטלער

גיבן אייך אַ רואיקע גלייכמאָסיקע און העלע ליכטיקייט פון טאָג; מעטער-לינק — אַ ציטערדיקע ליכטיקייט פון בין-השמשות: ביי דאָסטאָיעווסקין האָט איר אַ ליכטיקייט, וואָס פלאַקערט אויף גרין און רויט, פּאַרטונקלט דורך שוואַרצע וואָלקן רויך, גלייך אַ ווולקאַן וואָלט געשפּריצט מיט פייער און לאַווע.

פּאַר פּרצן איז כאַראַקטעריסטיש די בליצאַרטיקייט פון זיין שאַפן, עס איז אַ בליץ, וואָס איבערראַשט אייך, און איר דערזעט אַ העלע לוי-טערע וועלט, וואָס ווערט ווידער באַלד צוריק איינגעהילט אין פינצטערניש.

אַזוי ווי פּרצס פילאָזאָפיע געפינט די אויסלייזונג אין איין-איינציקן מאָמענט, אַזוי אויך זיין שאַפן גיט אונדז די ליכטיקייט פון אַ בליץ — העל, גראַנדיעז, באַגלייט פון שטורעם, שטאַרק אין קראַפט, אָבער שוואַך אין דער דויערהאַפטיקייט.

(„דאָס פאָלק", 1917).

# פּרץ יאָרצייט

פאַראַן נעמען, וואָס מען קאָן זיך מיט זיי נישט אָפּגעזעגענען, סיידן מען זאָל זיך אָפּגעזעגענען מיט אַ שטיק פון אייגענעם איך, אַזאַ נאָמען איז פאַר אונדז אַלע, איז פאַר דעם גאַנצן יידישן פאָלק, וואָס לעבט און גלויבט אין זיין צוקונפט, דער נאָמען י. ל. פּרץ.

ער איז געווען דער פאַטאָס פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן, דער שבת און דער יום-טוב פון אונדזערע וואָכעדיקע, גראָע טעג. זיין גאַנץ לעבן, רעדן און שאַפן איז געווען אַן אָפּלייקענונג פון דעם טאָג-טעגלעכן, פון דעם שטייענדיקן, אַ פּראָטעסט קעגן דעם באַנאַלן און וואָכעדיקן. זיין זין פאַר די באַדערפענישן פון היינטיקן טאָג האָט שטענדיק קוים נאָכגעהינקט נאָך זיין גליענדיקער בענקשאַפט צו די זונען, וואָס דאַרפן ערשט אַרויס-גיין פון נעפל, צו דעם „נאָך-נישט-געשעענעם", „נאָך-נישט-געשאַפענעם", ווי ער אַליין פלעגט זיך אויסדריקן. די ליכטיקייט פון זיין פּערזענלעכקייט פלעגט פאַלן אויף די טאָג-טעגלעכע באַמיאונגען פון די אַרבעטער אויף אונדזער קולטור-נאַציאָנאַלן פעלד, וואָס האָבן צו טראָגן די שטיינער און דאָס ליים, און פּאַמעלעך, פּאַמעלעך צו בויען דעם בנין. מיט דעם נאָמען י. ל. פּרץ איז פאַרבונדן אַ באַזונדערע וואַרעמקייט, אַ באַזונדערער גלויבן, וואָס האָט דערמונטערט, דערהויבן, און האָט דעם לעצטן און וואָכעדיקסטן צווישן אונדז געגעבן דאָס באַוווסטזיין, אַז ער אַרבעט פאַר עפּעס, וואָס איז גרויס און הערלעך אין דער צוקונפט. וואָס איז דאָס וווּנדער, אַז מיר קאָנען זיך מיט זיין אָנדענקען נישט שיידן?

מיר ווילן, אַז דער אָפּגלאַנץ פון זיין נשמה זאָל אַלץ נאָך רוען אויף

אַלדינג, וואָס מיר האָבן צו טון, אַזוי פּאַמעלעך, אַזוי וואָכעדיק, אַזוי שווער, ווייל ערשט אין דעם דאָזיקן אָפּגלאַנץ באַקומט דאָס קליינע, טאָג-טעגלעכע און וואָכעדיקע אַ העכערן זין, אַ העךלעכע באַדייטונג. צוויי יאָר זענען שוין אַריבער פון זיין טויט, אָבער מיר רופן נאָך אַלץ אָן זיין נאָמען, ווייל אין קלאַנג פון די ווערטער „י. ל. פּרץ" ליגט פאַר אונדז באַהאַלטן דאָס וווּנדערבאַרע און נישט-דערקלערלעכע, וואָס פאַרבינדט די קליינע מעשים מיט דעם גרויסן ציל, די איצטיקע שעה אין דעם היינטיקן טאָג — מיט לאַנגע דורות אונטער אונדז און פאַר אונדז. די צייטן, ווען פּרץ איז געווען צווישן אונדז, זענען — בנוגע אונדזערע נאַציאָנאַלע האָפענונגען — געווען שווערערע, ווי די היינטיקע. די מעגלעכקייט פון קולטור-נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט איז געווען ווייט, ווייט אָפּגערוקט פון אונדז. אָן אידעאַל פאַר אונדז, אַ פּוסטער חלום — פאַר אונדזערע קעגנער. היינט איז דער חלום אַרויסגעשווומען אַלס אַ זאַך פון רעאַלן קאַמף. די אידעאַלן, וואָס דער פאַרשטאָרבענער דיכטער האָט געקעמפט פאַר זיי, זעען אויס צו זיין פיל נענטער, ווי זיי זענען געווען. איצט, גראָד איצט, פילן מיר דעם גרויסן פאַרלוסט, וואָס זיין טויט האָט אונדז געבראַכט. וויפל באַגייסטערונג, וויפל ענטוזיאַזם וואָלט די באַוועגונג געהאַט, ווען י. ל. פּרץ וואָלט געווען צווישן אונדז?

ער וואָלט געווען מער ווי אַן אָנפירער און פּאָליטיקער פון אונדזער נאַציאָנאַלער באַוועגונג — איר העלד וואָלט ער געווען.

ווייל אויב פאַר דעם קריטיקער איז ער אַ גרויסער שרייבער, פאַר דעם פּסיכאָלאָג — אַ קאָמפּליצירטע רייכע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט איינגעזויגן אין זיך אַלע קאָנטראַסטן פון אונדזער לעבן, ליכט און שאָטן, גלויבן און פריייזיניקייט, איז ער פאַר דעם פאָלק — אַ העלד און אַ לעגענדע.

אַ וווּנדערבאַרער יידישער העלד פון די פאָלקסטימלעכע געשיכטן — אַ געשטאַלט געוועבט פון לויטער העלע שטראַלן.

דאָס שענסטע און וואָרסטע, וואָס מען קאָן זאָגן ווענגן י. ל. פּרץ איז, אַז וואָס ווייטער ער רוקט זיך אָפּ פון אונדז, וואָס מער מיר זעען אים אין

פערספעקטיוו, אלץ מער ענלעך ווערט ער צו דעם געשטאלט פון א פאלקס-העלד.

און העלדן לעבן אייביק צווישן פאלק, ווייל זיי פארקערפערן שטענדיק א זייט פון דער פאלקס-נשמה.

(„דער מאמענט", 1917)

# צו פרצס דריטער יאָרצייט

ס'איז שוין דריי יאָר נאָך פרצס טויט, און טראָץ דעם, וואָס זיין זכרון איז נאָך אַזוי פריש, אַז מען קאָן זאָגן, ער הויבט ערשט אָן צו לעבן צווישן פאָלק, — האָט וואַרשע ביז איצט זיך נישט געקאָנט דערשלאָגן צו עפּעס אַ ריכטיקער אינסטיטוציע אויף זיין נאָמען. ס'איז אַ חרפּה אויסצוזאָגן: ביז איצט איז נאָך אַפילו קיין מצבה נישט פאַראַן אויף זיין קבר!

אמת, די פּראָווינץ און אויך וואַרשע זענען פאַרפלייצט מיט אינסטיטוציעס, וואָס טראָגן דעם נאָמען „פּרץ". קינדער-היימען, שולן, ביבליאָטעקן אאַ"וו נוצן גערן אויס די געלעגנהייט צו טראָגן אויף זיך די שילד פון דער ליכטיקער פּערזענלעכקייט, וואָס ווירקט נאָך ביז איצט מאַגנעטיש. אָבער קיין איינע פון די אינסטיטוציעס זענען נישט ספּעציעל געגרינדעט צו פאַראייביקן י. ל. פּרץ, און נישט זיי זענען ווערט צו טראָגן דעם נאָמען. דער גרויסער יידישער אוניווערזאַלער גייסט ווערט, אַזוי צו זאָגן, עקספּלואַטירט אין איינצעלן פּאַרקויף, און יעדער איז אַ בעלן אויף אים. עס ליגט, קענטיק, אַזוי שוין אין אונדזער בלוט, די מלאכה פון קליינהאַנדל. דאָס גרויסע ווערט פאַרגראָשנט, פאַרטאָג-טעגלעכט. איך מיין, דער נאָמען י. ל. פּרץ האָט פאַרדינט צו באַציען זיך מיט אַביסל מער דרך-ארץ צו אים, אַז נישט יעדער זאָל אים קאָנען זוכה זיין ווי פון הפקר. מילא, די פּראָווינץ ווי די פּראָווינץ, ביי איר איז דאָך די ביבליאָטעק, צי די קינדער-היים, דער העכסטער אויסדרוק פון איר קולטורעלער עקזיסטענץ, און ווען זי באַנוצט זיך מיט דעם נאָמען פון פּרץ, קומט עס ביי איר אויס זייער נאַטורעל און נאַאיוו. פון וואַרשע אָבער וואָלט מען גע-

קאָנט פֿאָדערן, אַז מען זאָל האָבן אַביסל געפֿיל פֿון דיסטאַנץ, מען זאָל נישט פֿאַרקליינלעכן און אויסטוישן אויף קליין־געלט דאָס, וואָס איז, און באַדאַרף צו בלייבן, אַ סימבאָל פֿון אַ נאַציאָנאַלער קולטור. אויפֿן נאָמען פֿון פּרץ דאַרף געגרינדעט ווערן אַזוינס, וואָס זאָל באמת שטיין דערהויבן איבער דעם וואָכעדיקן און גראָען אין די זאָרגן פֿון טאָג: אַ נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע, אַ געזעלשאַפֿט מיט קולטור־צוועקן פֿון אַ העכערער, אַל־געמיינער אַרט.

מיר האָבן דורכגעלעבט די דריי יאָר נאָך זיין טויט, ווי אין אַ לאַנגן שווערן קאָשמאַר. די מלחמה איז נאָך נישט פֿאַרביי, אָבער די צעטומלט־קייט, וואָס האָט אונדז אַרומגענומען, הויבט־אָן נאָכצולאָזן. עס איז דע־ריבער די העכסטע צייט אַ טראַכט צו געבן וועגן דעם נישט באַצאָלטן חוב, וואָס מיר זענען שולדיק דעם גרויסן דיכטער און... אונדז אַליין.

דאָס ווייטע פּעטערבורג פֿאַרמאָגט אַ קולטור־געזעלשאַפֿט אויפֿן נאָ־מען פֿון י. ל. פּרץ. די צילן און דער כאַראַקטער פֿון דער געזעלשאַפֿט זע־נען אונדז נישט גענוג באַקאַנט, אָבער לויט די אָפּגעהאַקטע ידיעות, וואָס מען האָט באַקומען פֿון רוסלאַנד, איז צו זען, אַז די געזעלשאַפֿט האָט אַ מער ברייטערן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, און געהערט כּלל נישט צו דעם טיפּ פֿון די לאָקאַלע חברהלעך און אינסטיטוציעס, וואָס טראָגן דאָ ביי אונדז דעם נאָמען. וואַרשע וואָלט זיך געמעגט דערלויבן אויף עפּעס ברייטערס, צי דאָס זאָל זיין אַן אינסטיטוציע פֿאַר אַ ברייטן פֿאָלקס־געברויך אין דער פֿאָרעם פֿון אַ פֿאָלקס־הויז, אַ טעאַטער צי דעסגלייכן, אָדער זי זאָל האָבן מער דעם כאַראַקטער פֿון עפּעס ענלעכס צו אַ יידישן מוזעאום אָדער אַקאַדעמיע — דאָס איז אַ פֿראַגע אויף שפּעטער. איצט איז די צייט, אַז קודם־כּל די פֿריינט און פֿאַרערער פֿון פֿאַרשטאָרבענעם און אַלע די, וואָס פֿילן דעם חוב עפּעס צו טון, זאָלן זיך אָרגאַניזירן אין אַ פּרץ־קאָמיטעט, וואָס זאָל איבערנעמען די איניציאַטיוו אין זיינע הענט.

(„דער מאָמענט“, 1918)

# אַ ליטעראַרישער דור

איך האָב געקענט פּרצן אַן ערך 18 יאָר, די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן און די פּרוכטבאַרסטע אין זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. די דאָזיקע יאָרן באַדייטן אויך אַ תקופה אין דער יידישער ליטעראַטור, אַ גאַנצער ליטעראַרישער דור. פּרץ איז דער פירער פון דער תקופה, ריכטיקער וועט זיין צו זאָגן: דער מיטלפּונקט פון דער תקופה, אַ צענטער פון השפּעות. אַלץ שפּינלט זיך ביי אים אָפּ און שטראַלט צוריק, אַזוי ווי פון אַ ברען-גלאָז. ער איז נישט קיין גרינדער פון אַ ליטעראַרישער שול, ווייל ער איז ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן געווען אַ זוכער און אַ שטרעבער, ער איז שטענדיק איבערגעשפּרונגען פון סטיל צו סטיל. דער ליטעראַרישער דור אָבער, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום אים, זיינע תּלמידים, זענען נישט געגאַנגען אין זיינע דרכים. כמעט יעדער פון זיי האָט זיין אויסגעטרעטע-נעם וועג, זיין געביט און זיין סטיל. פּרץ איז געווען — איך האָב דאָס שוין ערגעץ-אַנדערש-ווו געזאָגט — אַ פּאַטער פון אַ ליטעראַרישער מש-פּחה. דער לעבעדיקער אינטערעס צו דער ליטעראַטור, דער דראַנג צו שאַפן, די טיפע ליבשאַפט צו אַלץ, וואָס איז שיין און דערהויבן, די דאָזיקע ליב-שאַפט, וואָס דאָמינירט איבער אַלע ליידנשאַפטן פון זיין שטורמישער נאַ-טור — דאָס האָט, קודם-כל, געמוזט ווירקן מאַגנעטיש אויף אַלץ, וואָס איז דעמאָלט געווען לעבעדיק און שעפעריש אין אונדזער וועלט. די דאָ-זיקע 18 יאָר באַדייטן אויך פּרצס וווקס, די צייטיקסטע ווערק האָט ער דעמאָלט געשריבן, זיין שפּעטער זומער איז עס געווען, ווען ער האָט זינ-גענדיק געשניטן, וואָס ער האָט אַמאָל געזייעט מיט אַ לייכטזיניקער האַנט, כמעט אָן ערנסט און אָן האָפענונג — די יאָרן פון זיין וואַקסנדיקן רום.

וועגן די דאָזיקע יאָרן וויל איך שרייבן. אָבער איך מוז פריער אויס-רעדן מיטן לעזער, ער זאָל נישט דערוואַרטן פון מיר קיין זכרונות. איך האָב כמעט גאָרנישט נאָטירט פון זיין לעבן, און אויף מיין זכרון קאָן מען זיך קנאַפּ פאַרלאָזן, סיידן, ווען דאָס דערמאָנטע באַדייט פאַר מיר אַן איינ-דרוק, אַ דורכגעלעבטע זאַך. דערמיט אַליין איז שוין געזאָגט, אַז די דאָזיקע שורות מוזן, צי איך זאָל יאָ וועלן, צי נישט, טראָגן אַביסל אַ סוביעקטיווע פאַרב. אין מיין זכרון איז לעבעדיק, ווי אַזוי פּרץ האָט געווירקט אויף זיין סביבה, ווי אַזוי די סביבה האָט אויף אים געווירקט, די פאַרשידענע ליטע-ראַרישע השפּעות, וואָס ער האָט אויפגענומען אין זיך; יענע גייסטיקע פּעדערן, וואָס האָבן דעמאָלט געטריבן די ווייזערס פון דער צייט. פּרץ איז דאָך געווען אַזוי עמפּינדלעך אויף יעדן מינדסטן ריר אין דער אַטמאָספע-רע פון דער צייט!

אַ בינטל איינדרוקן, דערלעבענישן, פאַרקניפּטע מיט פּרצן און זיין טעטיקייט — אָט וואָס דער לעזער האָט צו דערוואַרטן.

א.

פּרץ אין מיין פאַנטאַזיע

אלול איז אַ חודש פון זאָרג, פון ערנסטע געדאַנקען און אַ שווערן געמיט פאַר אַ יונגנמאַן אין אַ קליין שטעטל, וואָס שטעקט נאָך קערפּער-לעך און גייסטיק אין דער וועלט פון דער רעליגיע. יענער אלול פאַלט אויס גראָד אין דער צייט פון דעם גרויסן רעליגיעזן ברוך, ווען עס דאַכט זיך, די ערד וואַקלט זיך אונטער די פיס און דער הימל פאַלט איין איבערן קאָפּ. ס'איז געשען ביי מיר אַזוי מיטאַמאָל, מיט אַזאַ דעצידירטקייט. אין דער פרי האָבן איבער מיר נאָך געהאָנגען זיבן הימלען, איך האָב זיך געאַמ-פּערט, געשטאַרקט, געקלאַמערט זיך מיט די לעצטע כוחות אָן מיין רעלי-גיעזער וועלט-אָנשויאונג. פאַרנאַכט איז שוין געווען נאָך אַלץ. איך האָב איינגעזען, אַז אומזיסט איז יעדע מי צו דערהאַלטן דעם בנין, וואָס איז שוין אַזוי אויך געשטאַנען אויף שטרויענע פיס. איך האָב פאַרצווייפלט,

און דער בנין איז איינגעפאלן, ווי א קופע דורכגעפוילטע בעלקעס. מיין „איך" איז געבליבן באגראבן אונטער די חורבות.

דאס איז יענע קאטאסטראפע פון מענטשן, וואס זענען דערצויגן אין א טיפער אמתער רעליגיעזיטעט, פון וועלכער זעלטן איינער קומט ארויס גאנץ, אן קענטיקע שפורן אויף זיין גאנצן לעבן. שווער און פאמעלעך גייט צו די היילונג, און וואס טיפער די רעליגיעזיטעט, אלץ דערשיטערנדיקער די קאטאסטראפע.

איך האב מיך געווארפן, א דורשטיקער, אויף די „ביכלעך", אויף דער העברעאישער ליטעראטור פון יענער צייט. אבער אנשטאט צו ברענגען עפעס אן אנהאלט, אנשטאט אויסצופילן די מוראדיקע פוסטקייט, וואס האט זיך באזעצט אין מיר, האבן די „ביכלעך" מיך נאך דערצערנט און אפגעשטויסן פון זיך. מיר האט אויסגעזען, אז דאס האבן געשריבן לייכטזיניקע מענטשן. א יונגערמאן האט ליב געהאט א מיידל, דאס מיידל האט אים יא ליב געהאט, צי נישט, א רב האט געאסרט אן עגונה צוליב א קוצו של יוד... ווענן אלץ אויף דער וועלט רעדט מען דא, אבער נישט ווענן עיקר, ווענן דער עצם-פראגע: וואס טוט מען אויף דער וועלט, וואס איז אזוי פוסט און אזוי וויסט? וואסער זין האט דאס לעבן, וואס איז באגרעגעצט מיט 70 יאר און ענדיקט זיך מיט טויט און פארניכטונג?

איך האב מיך געפילט נידערגעשלאגן, אונטער דעם דרוק פון א קרענקלעכער מרה-שחורה, גייסטיק און פיזיש געבראכן.

די ערשטע נאכט פון סליחות, א קילקייט האט זיך שוין געפילט אין דער לופט, בין איך געלעגן אין דער בודע פון א סאד, וואס מיינער א באקאנטער, א משכיל, האט געהאלטן. ער האט מיר געוויזן א ניי ביכל, וואס ער האט אויסגעשריבן פון ווארשע, „העוגב" האט עס געהייסן. דאס ביכל האט געהאט דעם פארטרעט פון מחבר, י. ל. פרץ, א יונגער מענטש, מיט א ראזירט פנים, דיקע וואנסעס און אומגעהויערע קלוגע אויגן. ער איז געווען ווינטערדיק אנגעטון, דער פוטערנער קאלנער האט דערויף עדות געזאגט. איך האב גענומען בלעטערן דאס ביכל מיט אפאטיע, זייענדיק פריער איבערצייגט, אז איך וועל דערין גארנישט געפינען, אזוי ווי איך האב נישט געפונען אין אלע איבעריקע ביכלעך, נאר אומפארשטענדלעך פאר מיר אליין, נישט אנענדיק ווי אזוי דאס איז געשען, האט מיך דאס ביכל

אַזוי באַוועלטיקט, אַז מיין באַקאַנטער האָט נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט. איך האָב די שירים געלייענט, איבערגעלייענט, און נישט גערנווייליק האָב איך זיי גענומען אויסזינגען. ביי „הגידי לי, תמורה״ האָב איך געהאַט פולע אויגן מיט טרערן.

אַז מיין באַקאַנטער האָט מיך געפרעגט, איך זאָל אים דערקלערן, וואָס שטייט דאָ אַזוינס, וואָס האָט מיך אַזוי צערודערט, אַז מיין נידער־געשלאָגענע אַפּאַטיע איז איבערגעגאַנגען אין עפּעס אַ מאָדנעם עקסטאַז, בין איך נישט געווען אימשטאַנד אים דאָס צו דערקלערן. איך האָב אַליין קוים געהאַט עפּעס אַ באַגריף וועגן דעם, וואָס אייגנטלעך באַדייט דאָס וואָרט „פּאָעזיע״, צי „שיינקייט״.

עפּעס איז וואַכנדיק געוואָרן איז מיר אין יענער נאַכט. דער ערשטער שטאַרקער איינדרוק פון פּאָעזיע איז דאָס געווען, און ער האָט געשטאַמט פון דעם מענטש אין פוטערל, דער אומבאַקאַנטער און דאָך אַזוי נאָענטער.

אַז איך האָב דערנאָך אויפגעהויבן די אויגן צום אויסגעשטערנטן טונקעלן הימל, האָט ער מיך מער נישט געשראָקן מיט זיין וויסטער, פּוס־טער אומענדלעכקייט...

און פון דעמאָלט אָן, ווען די מרה־שחורה האָט מיך צוגעדריקט, האָט זיך אין מיין פאַנטאַזיע אויסגעריסעוועט אַ ווינטערדיקע שנייאיקע לאַנדשאַפט, אַן איין שטאָקיק הויז מיט אַ שמאָל גערטנדל פאַר די פענצ־טער און ביימער מיט צוגעפרוירענעם טוי, אַ יונגערמאַן אין אַ פוטערל שפּאַצירט אַרום...

מיין חלום איז דאָס געווען.

ווי אַזוי וועט אָט דער יונגערמאַן מיט די קלוגע אויגן ענטפערן אויף מיין גרויסער פראַגע, — דערפון האָב איך נישט געקלערט. אָבער זיכער בין איך געווען, אַז דער ענטפער מוז קומען פון דאַנען, אַז דאָס זינגענ־דיקע קליינע ביכל מוז עפּעס האָבן אַ שייכות צו דער גרויסער רעטעניש פון דער וועלט.

דאָס איז דער ערשטער איינדרוק פון פּרצן. דער ערשטער איינדרוק איז, זאָגט מען, דער, וואָס דעצידירט און וואָס דויערט אַמלענגסטן. איך מיין, ער איז באַראַקטעריסטיש פאַר דער צוגעבונדנקייט פון אַ גאַנצן לי־טעראַרישן דור צו דעם ליטעראַרישן רבין.

אויסערלעך האָט עס זיך ביי יעדן פאַרשידן אויסגעדריקט, אַנדערש איז עס דורכגעלעבט געוואָרן. אינערלעך איז עס געווען די זעלבע באַציאונג פון גלויבן און צוטרויען, וואָס מען שענקט דעם פאָרגעשריטענעם אין גייסט.

## ב.

### נאָך די „בלעטלעך"

פּרץ איז אין זיין לעבן געשטאַנען אונטער אַלערליי השפּעות. ער האָט געהאַט אַ קנאַפּע צוגעבונדנקייט צו אידעען — ער איז געווען אַן אמתער פרייער פויגל, אַ דאָן זשואַן אין דער וועלט פון אידעען: ער האָט געלעבט מיט דער לעצטער און שענסטער אידעע, וואָס האָט באַוועלטיקט זיין האַרץ. אין דער טיפעניש פון זיין וועלט-אָנשויאונג איז עס געלעגן, וואָס ער האָט זיי טראַקטירט אַזוי ווי שיינע פרויען. און ער האָט זיי גע-שטעלט די פאָדערונג, וואָס מען פאָדערט פון אַ פרוי, דהיינו, זי זאָל זיין רייצנדיק, שיין שטראַלנדיק און אַמוזאַנט, און — זי זאָל נישט פאָדערן קיין חופה מיט אַ כתובה און אַ פאַרבינדעניש אויף אייביק, אויף דעם דאָזיקן געביט פון אַלערליי פּאָליטישע, מאָראַלישע און עסטעטישע אַני-מאמינס איז ער אָן שום ספק געווען דער גרעסטער אָנהענגער פון „פריי-ער ליבע".

מיט איין תנאי: אַז דאָס זאָל נישט זיין גלאַט אַזוי אַ תאווהלע, נאָר טאַקע אַ ליבע, וואָס פאַרכאַפּט, פאַרכישופט און פאַרבלענדט, וואָס מאַכט די אויגן גלאַנצן, און רירעוודיקער דאָס בלוט אין די אָדערן.

איך האָב געטראָפן פּרצן אין אַ צייט, ווען ער איז געווען באַרוישט פון סאָציאַליסטישע אידעען, אמת, נישט געננוג קלאָרע און דורכגעטראַכ-טע. עס איז געווען באַלד נאָך די „יום-טוב-בלעטלעך", אין אָנהייב פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס. אַרום פּרצן האָבן זיך דעמאָלט גרופּירט עטלעכע יונגע סאָציאַליסטן. צו זיי האָט געהערט אויך דוד פּינסקי, וואָס האָט אין די „בלעטלעך" פאַרטרעטן שוין אַ „שטאַנד-פּונקט" אַ סאָציאַליסטישן. דער „בונד" האָט זיך דעמאָלט נאָך נישט גע-



אויף דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ

(פֿון רעכטס צו לינקס): ה. ד. נאָמבערג, ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, שלום אַש, י. ל. פּרץ, אברהם רייזין

האָט אָרגאַניזירט, פון די איבעריקע יונגעליט זענען געווען אָנהענגער און מיטגלידער פון די פּ. פּ. ס. און אויב איך האָב קיין טעות נישט, פון „פּראָלעטאַריאַט", די ערשטע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אין פּוילן. פּינסקין האָב איך שוין נישט געטראָפן אין וואַרשע, עטלעכע פון יענער גרופּע, וואָס האָט מיטגעהאָלפן ביים ארויסגעבן און פאַרשפּרייטן די „בלעט-לעך", האָבן זיך יאָ נאָך געהאַלטן נאָענט צו פּרצן. די דאָזיקע נאָענטקייט האָט געבראַכט פּרצס אַרעסט, פאַר אַ פאָרלעזונג פאַר שטרייקנדיקע אַרבע-טער. דער אַרעסט האָט געדויערט דריי חדשים.

פון דער „יידישער ביבליאָטעק" ביז צו די „יום-טוב-בלעטלעך" איז אַ היפּשער שריט פאָראויס. אין דער ערשטער שטייט פּרץ נאָענט צו אַ קרייז פּויליש-יידישער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ. פּראָפ. דיקשטיין, ד"ר גאָלדפלאַם און דער פאַרשטאָרבענער גראָסגליק, דער סעקרעטאַר פון דער יידישער גמינע האָבן די אונטערנעמונג געשטיצט, דער לעצטער האָט, דאַכט זיך, מיטגעאַרבעט. די הקדמה צו דער „יידישער ביבליאָטעק", כאָטש אין ליטעראַרישן זין גלענצנד אויפגעשריבן, קאָן נאָר לויט דער פאָרעם גילטן אַלס אַ ניי וואָרט; אין אונדזער פּובליציסטיק קאָן זי בלי-ספק דינען פאַר אַ קלאַסישן מוסטער, אָבער אין תוך אריין, לויט דעם אינהאַלט נאָך, געהער זי צו דער משכילישער ריכטונג, דער לאָזונג איז „בילדונג", דער „זשאַרגאָן" איז אַ מיטל, אמת, נישט ווילנדיק ווערט דאָס מיטל דאָרט אַזוי געצערטלט און עס פילט זיך דערצו אַזאַ צוגעבונדנקייט, אַז ס'פּאַסט גאָרנישט צו דער אָפיציעלער באַקענטעניש. איך האָב געהערט, אַז די דאָ-זיקע אָפיציעלע שורות זענען דירעקט געשריבן געוואָרן אונטער דעם איינ-פלוס און פאַרלאַנג פון פּראָפ. דיקשטיין. אויף יעדן פאַל אָבער האָט זיך פּרץ אין דער „ביבליאָטעק" נישט אָפּגעטיילט פון קרייז וואַרשעווער מש-כילים צו יענער צייט. מיט עטלעכע יאָר פריער איז ער איינער פון די טעטיקסטע מיטאַרבעטער ביי דער דורכפירונג פון דער יידישער סטאַ-טיסטיק דורך דעם געשמדטן מיליאָנער בלאָך, וואָס האָט זיך געשטעלט דעם ציל אויפצודעקן די יידישע אָרעמקייט פאַר דער רעגירונג. די „רייזע-בילדער" זענען די ליטעראַרישע ירושה פון יענער אונטערנעמונג, און — דער איינציקער פּאָזיטיווער רעזולטאַט, וואָס האָט מער ווערט פון דער

גאַנצער סטאַטיסטיק, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט גאָרנישט, אָן וויסנ-שאַפטלעכן און אָן פּראַקטישן רעזולטאַט.

אין די „בלעטלעך" פאַרשווינדט דער אַלטער משכּילישער טאָן אינ-גאַנצן. דאָס איז נישט קיין אויסנווייניקסטע ענדערונג, אַ צופּאַסונג צו די אומשטענדן. פּרץ רייסט אינעווייניק איבער מיט די אידעען פון די וואַר-שעווער משכּילים. ער ווערט אינגערלעך פאַרפרעמדט פון דעם דור שריי-בער, צווישן וועלכע ער לעבט. ער שטייט אין דער שאַרפסטער אָפּאָזיציע צו דער גאַנצער העברעאישער פּרעסע און ליטעראַטור פון יענער צייט.

אין דער צייט, ווען איך האָב אים געטראָפן, איז נישט געווען קיין שרייבער, קיין שום ליטעראַרישע דערשיינונג, אחד העם צי י. ל. גאָרדאָן, וואָס פּרץ זאָל האָבן דערפאַר מער ווי עטלעכע קורצע ווערטער פון פול-שטענדיקן ביטול. דעם ערשטן איינדרוק, וואָס איך האָב געהאַט פון אים, איז געווען ווי פון אַ מענטש, וואָס לייקנט אין אַלץ און אין אַלעמען. דאָס, פאַרשטייט זיך, איז געווען זייער צוגעפּאַסט צו מיין דעמאָלטיקער שטי-מונג, און האָט מיר שטאַרק אימפּאָנירט. ווען איך בין געוואָרן נייגעריק צו וויסן אויך די פּאָזיטיווע זייט, וואָס ליגט נאָך דעם „גאָרנישט", האָב איך געהאַט ווייניק גליק.

איך בין געקומען קיין וואַרשע מיט דער הילף פון אַ קרייז וואַרשע-ווער סטודענטן-סאָציאַליסטן. די ערשטע סאָציאַליסטישע אַקאַדעמישע קרייזלעך פון וואַרשעווער אוניווערזיטעט האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפ-קלערונג-אַרבעט. זיי האָבן אַגיטירט פעאיקע יונגעלייט פון דער פּראָווינץ און האָבן זיי צוגעגרייט אין אוניווערזיטעט אַריין. איך האָב דעם סטו-דענט, וואָס האָט איינגעאָרדנט מיין קומען קיין וואַרשע, געזאָגט, אַז איך שרייב, און האָב אים געבעטן, ער זאָל מיינע — „שירים" ווייזן איינעם י. ל. פּרץ און אים געזאָגט דעם אַדרעס. ער האָט דאָס געטון נישט גערנ-וויליק. ער האָט דעם נאָמען פּרץ נישט געהערט. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער מיר געבראַכט די ידיעה, אַז פּרצן זענען די „שירים" זייער גע-פעלן און אַז ער בעט מיך אַרויפצוקומען. דער סטודענט האָט קוים געהאַט אַן אַנונג, וואָס די בשורה באַדייט פאַר מיר: די פּערספּעקטיוו צו זען פּרצן. צו קענען מיט אים לענגער רעדן איז געווען דער צוועק פון מיין

רייזע, דער אוניווערזיטעט מיט דער אויפקלערונג — אָן אויסרייד, אפשר א נעבן-זאַך.

איך בין געווען לאַנג געקליידט, נאָר איך האָב זיך נישט זשענירט. וואָס טייטש? ער וועט זיך רעכענען מיט אזוינע ריין-אויסנווייניקסטע זאַכן? ער האָט מיך ווירקלעך אויפגענומען גאָר, גאָר פריינטלעך, הארציק. גע-רעדט האָט מען רוסיש, וואָס איך האָב אינדערהיים באַוויזן צו לערנען אביסל פון א מעטאָדע.

— די שירים טויגן צו גאָרנישט. זיי זענען נישט צייטיק, כאָטש אין זיי איז פאַראַן פיל טאַלענט.

און ער האָט גענומען אָנווייזן באַזונדערע שטעלן, האָט געלויבט און געטאַדלט. אין פאַרלויף פון געשפּרעך האָט ער שוין געהאַט אָפּגעפּאַרטיקט אַלע גדולים פון יענער צייט. איך האָב ביי אים אויסגענומען דערמיט, וואָס קיין גרויסע אָפּאָזיציע פון מיין זייט צו זיין אומבאַרמהאַרציקער קריטיק, צו זיינע שאַרפע אַרונטעררייסנדיקע אויסדרוקן, האָט ער נישט געטראָפן. נאָר ביי עפּעס אַ הארב וואָרט קעגן אחד-העמען האָב איך רעאַגירט. עס האָט מיר שוין אויסגעזען צו שאַרף קעגן דעם שרייבער, צו וועלכן איך האָב געהאַט אַ גרויסע מאָס אכטונג, וואָס האָט ביי מיר פיגורירט באַזונ-דער, נישט צווישן די „לייכטזיניקע, וואָס פּלאַפּלען און רעדן גלאַט"...

פרץ האָט נישט געדאַרפט מער, ווי אַן אָנרעגונג, ער איז אַריין אין אַזאַרט. ער האָט גענומען וואַרפן מיט בליצן פון סאַרקאַזם נישט נאָר קעגן אחד-העמען, נאָר קעגן אַלץ און אַלע: קעגן דעם גאַנצן גייסטיקן פאַרמעגן פון יענער צייט, מיט ציוניזם, חיבת-ציון און „השכלה" צוזאַ-מען: אַ באַרג אַש איז געבליבן.

איך האָב די חורבות נישט געהאַט וואָס צו באַוויינען, ווייל קיין היים און קיין נעסט האָב איך דאָ נישט געהאַט אויפגעבויט נאָך דער גרוי-סער „שרפה" פון דער רעליגיעזער וועלט.

אינמיטן דעם געשפּרעך האָט זיך פרץ פּלוצלינג געווענדט צו מיר:

— וואַרפט אַוועק די העברעאישע שירים, שרייבט אויף יידיש, וועט איר ברענגען נוצן דער וועלט.

— און וואָס וועט זיין, אַז איך וועל ברענגען נוצן? — האָב איך געפרעגט.

פּרץ האָט מיך אָנגעקוקט עפּעס גאָר מיט אַן אַנדערן אַרט בליק. דער שפּראָדלדיקער פּאַרביקער טאָן פון זיין געשפּרעך האָט זיך געענדערט:

— אַז איר וועט ברענגען נוצן, וועט איר זיין מאָראַליש צופרידן.

— און אַז מען איז מאָראַליש צופרידן, איז וואָס? מען קאָן לעבן און שטאַרבן און נישט זיין מאָראַליש צופרידן.

ער האָט מער קיין שמייכל אויף זיינע ליפּן נישט געהאַט פאַר מיר. אין קאַלטע ווערטער האָט ער מיר געענטפערט:

— דאָס מוז מען פילן.

איך האָב מער נישט געפרעגט. דער גלאַנץ פון זיינע אויגן און דער שמייכל פון זיינע ליפּן, וואָס זענען פאַרשוואונדן, האָבן מיך אין אַ רגע געמאַכט געדענקען דעם מהלך צווישן מיר, אַ לאַנג געקליידטן יונגנמאַן פון דער פּראָווינץ, און... י. ל. פּרץ.

דינעזאָן איז אַריינגעקומען, און עס איז ווידער געוואָרן היימלעך.

ה.

מאָדערניזם

איך האָב שוין געזאָגט, אַז פּרץ איז פריער פאַר אַלעם אַ צענטער פון השפּעות, אַ ברען-גלאָז פאַר די גייסטיקע שטראַלן פון דער עפּאָכע, פון אָט דער זייט ווילן מיר איצט אים זען. ערשט דערנאָך, ווען מיר וועלן זיך קלאָר מאַכן די אַלע השפּעות, וועלן מיר קענען אַרויסגעפינען, וועלכע פון זיי זענען געווען באַשטענדיקע, טיפע, וועלכע — צופעליקע און דורכגייענדיקע; וועלכע פון זיי ער האָט אַסימילירט אין זיך און זיי האָבן באַפרוכטעט זיין פּערזענלעכקייט און זיין שאַפן, וועלכע פון זיי האָבן זיך נאָר אָפּגעשלאָגן צוריק, ווי פון אַ שפּיגל.

און אָט וועט זיין אינטערעסאַנט צו באַקאָנען זיך מיטן גייסט פון יענער צייט, ביי וועלכער מיר האַלטן, מיט דער ליטעראַרישער ריכטונג, וואָס איז געווען אין דער מאָדע און האָט באַהערשט די גייסטער.

ניטשע איז געווען דער פּראָטעסט קעגן דעם מאַטעריאַליזם פון פריערדיקן דור, קעגן דעם וווּלגאַרן דעמאָקראַטיזם, קעגן דעם פאַרלאַנג אונ-

טערצוואָרפן דעם מענטש אונטער דער געזעלשאַפט און דער סביבה. דער אינדיווידואַליזם האָט באַקומען זיין גרעסטן נביא.

די דאָזיקע גרויסע פּאַליע פון אינדיווידואַליזם איז געבראָכן געוואָרן אין פאַרשידענע קליינע פּאַליעס, איינע פון זיי האָט געהייסן מאָדערניזם. די פּאָרשטייער זענען געווען פּשיבישעווסקי און סטרינדבערג, שפּורן פון אים איז צו באַמערקן ביי מאָפּאַסאַנען און אַפילו ביי טשעכאָוון. ערגאַר פּאָ, דער אַלטער גייסט פון דעם יונגן אַמעריקע, האָט געלעבט און גע-שריבן פריער, אָבער, ווי באַוווסט, איז ער געשטאָרבן פאַרלאָזט, עלנט און נישט-באַוווסט אויסער די גרענעצן פון זיין פאָטערלאַנד. ערשט אין יענער צייט ווערט ער „אַנטדעקט”, געערט און געלייענט.

דער דאָזיקער מאָדערניזם איז אַזוי ווייט געווען פון דער סטיכיע, וואָס פון איר האָט ער געשטאַמט, און דאָך איז ער געווען אַ לייבלעך קינד פון איר. ניטשע האָט גערופן צו גלויבן אין זיך, צו קראַפט און צו הערלעכקייט. דער מאָדערניזם פון די דערמאָנטע שרייבער האָט געריסן און צעפליקט די פּערזענלעכקייט, איז געווען דורכגעזאַפּט מיטן טיפסטן פּעסימיזם, מיט אַן עקל צום לעבן. עס איז אינטערעסאַנט דאָ צו נאָטירן אַ מערקווירדיקייט, אויף וועלכער איך האָב מיך אין יענער צייט אָפּגע-שטעלט. שאָפּענהויער, דער פּעסימיסט, באַרויקט דאָס געמיט; ניטשע, דער אָפּטימיסט, נאָך אַ קורצער שיכרות, וואָס מען פילט, ווירקט דריקנ-דיק. נאָך שאָפּענהויערן ווערט מען קליגער, זעענדיקער, רואיקער, נאָך ניטשען — אומרואיקער, דורשטיקער, פאַרציטערט און צעבראָכן. מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ רעאַקציע, וואָס קומט פאָר אין גייסט. דער מאָ-דערניזם איז דער אויסדרוק פון דער רעאַקציע.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך פּרצן האָט די פּאַליע נישט געמיטן. ער איז אַרונטערגעפאַלן אונטער איר השפעה, ווי יעדער דעמאָלט. אָבער דע-רין צייכנט זיך אויס פאַר אונדז דער מהות פון פּרצן, זיין אינערלעך וועזן, וואָס ער טרייסלט זיך אָפּ פון איר ביי דער ערשטער מעגלעכקייט.

איך האָב אים באַאָבאַכטעט צו יענער צייט, און איך געדענק, ווי ער האָט זיך געראַנגלט מיט דער מאָדערניסטישער ווירקונג, ווי איינער, וואָס ראַנגלט זיך מיט פינצטערע גייסטער און ווילדע, פרעמדע כוחות. אין דער טיפעניש פון זיין נשמה האָט ער נישט געקאָנט סובל זיין דעם

הויך פון טויט און צעלייגונג, וואָס האָט זיך געטראָגן פון יענער ריכטונג. ער איז אינערלעך געווען פרעמד און ווייט דערפון, אָבער דאָס איז דע-מאָלט געווען דאָס לעצטע וואָרט, דאָס מאָדערנע און דאָס נייעסטע, און ווי אַזוי האָט ער זיך געקאָנט אָפּזאָגן דערפון?...

ווייל פון אַלעם אין דער וועלט האָט פּרץ געקאָנט רעדן און טראַכטן, אַלצדינג מענטשלעכע איז אים נישט געווען פרעמד, אויסער — דער טויט. ער האָט אים אינגאַנצן נישט גורס געווען, פאַרטריבן אים פון באַוווסטזיין, ער איז לאַנגע יאָרן געווען אין דער וואַרשעווער יידישער גמינע דער באַ-אַמטער, וואָס האָט געהאַט צו טון מיט מתים, און איך בין מסופּק, צי ער האָט אין זיין לעבן געזען אַמאָל אַ מת.

ער איז כמעט קיינמאָל נישט נאָכגעגאַנגען נאָך קיין לויה, אויס-געמיטן דאָס בעט פון אַ שווער-קראַנקן און נישט געגערעדט פון אַ טויטן. איך ווייס פון פאַלן, ווען נאָענטסטע און ליבסטע זענען אים אָפּגעשטאָרבן אין די בליענדיקסטע יאָרן און האָבן מיטגעטראָגן מיט זיך אין קבר אַריין זיין טיפסטע הארציקסטע ליבשאַפט, און ער האָט עקשנותדיק אויסגע-מיטן וועגן זיי צו דערמאָנען. ער האָט פיינט געהאַט דעם טויט און האָט פיינט געהאַט די געבוייגענע עלטער, וואָס שמעקט מיט קברים-בלימלעך. פּשוט פיינט געהאַט און דערווייטערט פון זיך אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו די דאָזיקע מיאוסע ענינים.

אָבער די פאַליע איז געווען צו שטאַרק. זי האָט צוגענומען פון אַלע זייטן. דער דור איז פול געווען מיט איר. פּרצן האָט זי אַ יאָר, צי צוויי געהעמט אין זיין שאַפן. דאָס איז געווען די צייט פון נאָך זיין אַרעסט ביז צום דערשיינען פון „יוד" און „הדור".

אין פּרצס טיפּעניש איז געלעגן דאָס זיננגענדיקע און שטראַלנדיקע, וואָס האָט געדאַרפט גאָר אַן אַנדערע אַטמאָספערע. ער האָט, אַזוי ווי זיין רבי אין „דער גאָלדענער קייט", בשום אופן נישט געוואָלט אַריינלאָזן דעם וואָכנטאָג צו זיך אין דער נשמה. ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָט ער זיך טאַקע אָפּגעטרייסלט דערפון.

עפּעס אַ ברונעטער יונגערמאַן, געקומען פון ליטע, וואָס האָט גערעדט רוסיש, ווי אַן אמתער רוס, האָט זיך דעמאָלט געדרייט אַרום פּרצן און האָט זיך יעדן שבת געפונען, צוזאַמען מיט אַלע, אין זיין וווינונג אויף

צעגלאָנע-גאַס. דער דאָזיקער יונגערמאַן האָט מיטגעבראַכט מיט זיך דאָס ערשטע ביכל נאָוועלן פון מאַקסים גאָרקי. איך האָב נאָך אין מיין לעבן נישט געזען אַ גרעסערע אַנטציקונג, אַ גרעסער גייסטיק נחת, ווי דעם, וואָס פּרץ האָט געהאַט פון דעם ביכל. די אויגן האָבן אים געשיינט, בשעת ער האָט גערעדט דערפון. די אַנטציקונג און ליבשאַפט האָט זיך אַזש איבער-געטראָגן אויף דעם יונגנמאַן, וואָס האָט זיך, איבעריקנס, מיט קיין שום נאָך נישט אויסגעצייכנט.

מאַקסים גאָרקיס נאָוועלן זענען דעמאָלט פון דער גאַנצער אינטע-ליגענץ אויפגענומען געוואָרן אַלס אַ צוריקגאַנג צו אַ געזונטן קרעפטיקן אָפּטימיזם, אַלס אַ רוף צום לעבן. פּרץ האָט אָפּטמאָל ליב געהאַט צו וואַרפן אַ טראַציק סאַרקאַסטיש וואָרט קעגן דער רוסישער ליטעראַטור, אַזוי זיך אַלס צום „רוסישן באַרבאַריזם". ער האָט דאָך געלעבט אין אַ פּויליש-יידי-שער אַטמאָספערע. אָבער דאָס קליינע ביכל איז געקומען אַזוי צו דער צייט, האָט ווי באַפרייט אים פון אַ שווערן קאָשמאַר.

ד"ר עליאַשעוו (בעל-מחשבות) האָט זיך דעמאָלט אויך געפונען אַרום פּרצן. ער איז געקומען פון בערלין מער באַאיינפלוסט פון דעם מאָ-דערניזם, אַליין פּערזענלעך, לויט זיין שטימונג און סטיל, שטאַרק מאָ-דערניזירט, דערצו נאָך אַן אַנאַליטישער גייסט בטבע, ער איז געווען אין דעם קרייזל די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון דעם מאָדערניזם, וואָס האָט פּרצן אַי צוגעצויגן אַי געשראָקן מיט דעם אומהיימלעכן און פרעמדן, וואָס ער האָט דערין געפילט.

מיט גאָרקיס נאָוועלן האָט ער זיך גערייצט, ער האָט געטראָצט מיט זיי, ווי אַ פּראָמעטעאוס, וואָס איז באַפרייט געוואָרן פון זיינע קייטן.

איך דערמאָן מיך אַן אינצידענט מיט ד"ר עליאַשעוון און, דאַכט זיך, מיט מיר אַליין אויך, ווען ער האָט אונדז צוגעוואָרפן קאַלטע האַרבע ווערטער. ווער האָט דעמאָלט געקאָנט פאַרשטיין, פון וואַנען זיי שטאַמען, פון וואַנען עס נעמט זיך דער קאַפּריז פון דיכטער?

איצט ווען איך זע דאָס פון דער פּערספּעקטיוו פון אַ צוויי צענדליק יאָרן, איז עס אַזוי קלאָר און פאַרשטענדלעך. פּרץ איז אַ יאָר צוויי גע-שטאַנען אונטער דעם צייכן פון עפּעס אַ שווער געמיט, פון אַ דריקנדיקער וועלט-אַנשויאונג, וואָס איז אים געווען ווילד-פרעמד, וואָס ער האָט נישט

געקאָנט אויפנעמען און אַסימילירן אין זיך. ער האָט עס נישט געקאָנט אוועקשאַרן מיט דעם אַלטן ברייטן ביטול פון משכיליש-אַפּיקורסישן סטיל, ער האָט עס אָבער אויך אינערלעך נישט געקענט פאַרטראָגן. גאָרקי איז געווען זיין טריאומף, זיין נצחון. און פונקט אַזוי ווי ער האָט פּלוצלינג ליב באַקומען דעם יונגנמאַן מיט די שוואַרצע האָר און אויגן און געהאַלטן אים פאַר דעם לעצטן מוסטער פון בילדונג און אינטעליגענץ, אַזוי האָט ער איבערגעטראָגן די פרעמדקייט צום מאָדערניזם אויך אויף פּערזאָנען.

אַזוי פירן זיך קינדער, אַזוי פירן זיך פרויען און אַזוי פירן זיך דיכטער.

ד.

פּרצס מעשהלע און חסידיזם

פּרץ פלעגט ליב האָבן צו דערציילן אַ מעשהלע, דאַכט זיך, פון טויזנט און איין נאַכט גענומען, אָבער ער פלעגט עס באַפּוצן און באַריי-כערן מיט איינענע פאַרבן און בילדער, און שטענדיק, ווען ער האָט עס דערציילט, איז געווען אַ סימן, אַז ער איז אין אַ געהויבענער שטימונג.

אַ פאַרכישופטער בן-מלך וווינט אין אַ שלאָס פול מיט אַלע אוצ-רות און פּראַכט פון גאָר דער וועלט, אָבער מרה-שחורהדיק איז ער און פאַרבענקט צו עפּעס אַנדערש, וואָס ער אַליין ווייסט נישט, וואָס דאָס איז. אַ קליינע צוים טיילט נאָר אָפּ דעם בן-מלך פון אַ וווּנדער-שיינעם פּאַרק, וווּ עס וואַקסן די שענסטע פּאַלמען, די שטאַרקסטע צעדערן צוזאַמען, די עדלעכסטע רויזן און שניי-ווייסע ליליען. אָבער אַן אָנזאָג האָט דער בן-מלך אַ האַרבן אין אַ פעסטן, ער זאָל נישט איבערטרעטן די צוים, ווייל ער וועט שלעכט ענדיקן. היט מען דעם בן-מלך פון אַלע זייטן, מען היט אים בייטאָג און מען באַוואַכט אים ביינאַכט, עס זאָל, חלילה, נישט געשען דאָס אומגליק. אָבער די בענקשאַפט איז שטאַרק, און דער בן-מלך קאָן זי נישט גובר זיין. איינמאָל, פאַרטאָג, די וועכטערס האָבן איינגעדרימלט, גנבעט ער זיך אַרויס פון שלאָס און לאָזט זיך גיין אין פּאַרק אַריין.

און די וווּנדער און די שיינקייטן פון דער וועלט עפענען זיך פאַר

זיינע אויגן. די שענסטע בלומען, די הערלעכסטע חיהלעך, אַלץ איז אַזוי פּאַרביק, אַזוי מילד, אַזוי ליבלעך, אַלץ ליבט און לאַכט און רופט צו זיך; יעדע בלום וויל געפּליקט זיין פון זיינע הענט, יעדעם חיהלע בעט זיך שטום: נעם מיך, גלעט מיין ווייכע סאַמעטענע פעל. גייט ער צו און פּליקט אָפּ די ערשטע בלום, אָבער ווי נאָר ער עפנט די האַנט, זעט ער, אַז ער האָט גאָר אַ שטיק קלעפּיקע בלאָטע, און ער וואַרפט עס מיט עקל אַוועק. ער פּרוווט לאָקן צו זיך אַ חיהלע, און ווי נאָר עס געפינט זיך אין זיינע הענט, ווערט דערפון אַ שטיק מיאוסקייט, אַן עקלהאַפטע קליין קריכנדיק באַשעפעניש. ער גייט ווייטער, ווידער ווינקט צו אים אַ בלום, לאַשטשעט זיך אַ חיהלע, ער האָט שוין מורא צו פּליקן די בלום, צו גלעטן דאָס חיהלע, אָבער זיין האַרץ גייט אויס פון בענקשאַפט. ער פּליקט די בלום, און ווידער האָט ער בלאָטע אין דער האַנט, ער רירט זיך צו צום חיהלע, ווידער האָט ער אָנגערירט אַ שרץ. און אָט גייט ער ווידער אַוועק, זיין צוריקגע־האַלטנקייט ווערט גרעסער, ער איז שוין פיל מאָל אָנגעלערנט, אָבער די בענקשאַפט ווערט נאָך שטאַרקער, און אַזוי צאַפּלט זיין נשמה צווישן באַ־גער, מורא און עקל. פּלוצלינג דאַכט זיך אים, אַ שווערקייט איז באַפאַלן זיינע יונגע פיס... דעמאָלט קומט אַרויס אַ קאַרליק פון אַ הייל. טראָגט אים צו צום פּנים אַ שפּיגעלע, און ער דערזעט דאָרט — אַן אַלטן, געבראָכע־נעם ,גרייז-גרויען מענטש. דאָס איז ער אַליין.

אין דעם דאָזיקן ראַנגלען זיך מיט באַגער, בענקשאַפט און עקל איז זיין לעבן דורכגעגאַנגען.

פּרץ פלעגט דאָס מעשהלע דערציילן אַלס לעצטן ענטפער אויף אַלע מעגלעכע קשיות, אַלס דאָס וואָרט פון דער לעצטער קלוגשאַפט. און שטענדיק איז עס געווען דעמאָלט, ווען ער איז געווען אין ברען, ווען די אויגן האָבן ביי אים אַי געבליצט אַי געשמייכלט. איך האָב עס פיל, פיל מאָל פון אים געהערט, און שטענדיק האָב איך דערביי געהאַט דעם איינ־דרוק, אַז ער לייענט זיין אני-מאמין.

דאָס געפּליקטע, דערגרייכטע, געפילטע איז בלאָטע, עקל, שיין און רייצנדיק איז נאָר די בענקשאַפט.

זיין אייגענע שוואַכקייט, וואָס ער פלעגט זיך אַזוי אָפט איבערוואַרפן פון סטיל צו סטיל, נישט געהאַט אַן אייגענעם אויסגעטרעטענעם וועג, אַזוי

ווי מענדעלע, אזוי ווי שלום-עליכם, וואָס האָבן נאָך יאָרן פון זוכן, ענד-לעך, דאָך געפונען זייער אייגענעם נוסח — די דאָזיקע שוואַכקייט פלעגט ער מיט דעם מעשהלע פאַרענטפערן. אין דעם דאָזיקן מעשהלע איז שוין געלעגן די אפיקורסות צו אַלערליי אַרטן פון גלויבנס און פּראָגראַמען. אַלץ איז אילוזאָריש, האָט אַ ווערט, ווי לאַנג מען רירט זיך נישט צו דערצו, אַלץ איינס, צי דאָס איז אַ געליבטע, וואָס איז איינמאָל געקושט געוואָרן, אַן אידעע, וואָס האָט אַמאָל באַגייסטערט, אַ פאָרעם, וואָס איז איינמאָל אויסגענוצט געוואָרן.

אָבער דאָס מעשהלע איז דערציילט געוואָרן נאָר, ווען פּרץ האָט זיך געפילט געהויבן און שטאַרק, ווען עפּעס אין לעבן איז אים געלונגען, באַ-זונדערס נאָך אַ געלונגענער זאַך, וואָס איז אַרויס פון זיין פעדער, ווען ער האָט געוווּנען די אינעווייניקסטע זיכערקייט. אָבער באַהאַלטן פון אַלע און פון אייגענעם באַוווּסטזיין, אין די טיפענישן פון זיין נשמה האָט דאָך געלעבט דער דראַנג צו געפינען זיך אַליין, די נישט צופרידנקייט. ווער עס האָט געקאָנט אַרויסלייענען דעם סוד פון עפּעס אַן אומעט, אַ נישט-היימלעכן, וואָס האָט אַזוי אָפט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיינע אויגן, דער האָט דאָס געקאָנט פאַרשטיין. און ווי האָט עס דען געקאָנט אַנדערש זיין? דאָס זעלבע געזעץ, וואָס טרייבט דעם עפּלבוים „ליב צו האָבן" נאָר עפּל און צו פּרובירן נאָר עפּל, דאָס זעלבע געזעץ טרייבט דעם קינסטלער צו געפינען זיין איך, זיין פּערזענלעכקייט, זיין סטיל. טראָץ דעם, וואָס פּרץ פלעגט אַזוי אָפט אויסלאַכן דאָס גיין אויף אַן אויסגעטראָטענעם וועג, טראָץ דעם, וואָס ער פלעגט עס באַפאַלן מיטן ביטערסטן סאַרקאַזם אַלס איינזייטיקייט, ענגהאַרציקייט, האָט ער דאָך, אַליין דאָס נישט צו וויסן, געזוכט זיין אייגענע איינזייטיקייט, געבענקט דערנאָך, געשטרעבט דערצו.

עס איז אָבער באַשערט געווען אַזוי, אַז זיין איך, זיין קינסטלערי-שע אינדיווידואַליטעט, האָבן אַנדערע געפונען אין אים, איידער ער האָט עס אַליין באַמערקט. דער העכסטער אויסדרוק פון זיין אייגנאַרטיקן סטיל, פון זיין אָריגינאַליטעט אַנטפּלעקט זיך אין צוויי קורצע נאָוועלן: איינע געשריבן אָריגינעל אויף העברעאיש אונטערן טיטל „משנת חסידים" (אין „החץ"), די צווייטע „מקובלים", געשריבן אָריגינעל יידיש און געדרוקט אין די „יום-טוב-בלעטלעך". ווי עכטע קונסט-ווערק פון ערשטן גראַד, איז

אַלץ דאָרט אַזוי ניי אַזש ביז פּרעמדקייט, די פאָרעם און אינהאַלט, די מענטשן און באַציאונג צו זיי. און ווי אַלץ, וואָס איז ניי-געשאַפן, וואָס פאַרקניפּט זיך כּלל נישט מיט דעם שאַבלאָן און געוווינהייט, זענען די נאָוועלן פון קיינעם נישט באַזונדער באַמערקט געוואָרן, אפילו נישט פון דיכטער אַליין. וועלכע פּרצס זאַכן האָבן מיר, זיינע פאַרערער, אין פּרצס הויז נישט אַרומגערעדט? פון „מאַניש" ביז צום לעצטן פעליעטאָן אין די „בלעטלעך" קעגן די חובבי ציון. פון די „מקובלים" און „משנת חסידים" געדענק איך נישט, אַז מען זאָל די ערשטע יאָרן האָבן גערעדט. פּרץ אַליין האָט די זאַכן קיינמאָל נישט דערמאָנט.

די באַווערטונג פון די זאַכן קומט צוליב אַן איינפלוס פון אויסן. ווידער האָט אַ ווינטל געבלאָזן פון אויסלאַנד.

אַ קרייזל יידישע סטודענטן אין בערלין, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, האָבן זיך אָנגענומען מיט די ניטשעאַנישע און מאָדערניסטישע אידעען פון יענער צייט. אַלס אינדיווידואַליסטן האָבן זיי זיך שטאַרק אונטערגעשיידט פון יענעם טייל יידישער יוגנט, וואָס זענען געווען באַהערשט פון דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע. בערדיטשעווסקי, אַ טיפּזיניקער און אָריגינעלער קאָפּ, איז געווען דער פירער פון דער גרופּע. ער האָט געמאַכט די ערשטע פּראָבע איבערצוטראָגן די נייע אידעען אויף דער יידישער גאַס, בעסער געזאָגט, אויף דער יידישער געדאַנקען-וועלט. ער האָט דערקלערט מלחמה אחד-העמען מיט זיין טרוקענעם ראַציאָנאַליזם און מיט רוחניות און מוסר, וואָס זאָלן זיין דער אינהאַלט פון יידישן גייסט. מיט דעם זעלבן וועג איז ער געקומען צו זיין אַ מליץ-יושר אויף די חסידים מיט זייער אינדיווידואַליזם און פאַרטיפונג פון איך, אַלס אַ קעגנזאַץ צום טרוקענעם תלמודיזם. די דאָזיקע גרופּע האָט אויף אייגענע קאָסטן אַרויסגעגעבן בערדיטשעווסקיס העברעאישע בראָשורן „שנוי-ערכין" און די איבעריקע, אויף וועלכע קיין פאַרלאַג און קיין צייטשריפט איז נישט געווען קיין בעלן.

צו וואָס בערדיטשעווסקי איז געקומען אויפן וועג פון דענקען, דאָס איז פּרצן, ווי אַ נבואה, שוין לאַנג אַנטפּלעקט געוואָרן. בערדיטשעווסקיס קאַמף-אויסרוף, זיין הייסע אַפּאָלאָגיע פון חסידיזם האָט דערגרייכט קיין וואַרשע. אין פּרצס ליטעראַריש קרייזל איז מען אויפמערקזאַם געוואָרן

אויף בערדיטשעווסקין און בינו-לבינו האָט מען אַנטדעקט דעם אוצר, וואָס איז אייגנטלעך שוין לאַנג געלעגן אָפן: אַן אמתע חסידישע דיכטונג, פּאַרטיק און גרייט צום געניס.

דאָס האָט אויך געהאַט אַ ווירקונג אויף פּרצן, וואָס ער האָט דער-נאָך גענומען מיט מער אויסגעהאַלטנקייט, מיט דעם פולן באַוווסטזיין, אַזוי צו זאָגן, „במחשבה תחילה" צו באַאַרבעטן דאָס געביט פון חסידות.

צי די שאַפונגען מיטן פולן באַוווסטזיין האָבן איבערגעשטיגן יענע ערשטע, וואָס זענען ווי בליצן אַרויס פון זיין נאָך פאַרנעפּלטער נשמה — דאָס איז שוין אַן אַנדערע פראַגע.

פּרצן הויבט אָבער אָן אויף יעדן פאַל צו ציען צום אייגענעם וועג, צו זיין סטיל און צו זיין שורש.

## ה.

## פאָלקס-לידער

די ערשטע זאַמלונג פון פאָלקס-לידער האָבן פאַרגענומען מיט אַ וויסנשאַפטלעכן צוועק מאַרעק און גינזבורג אין פּעטערבורג. נאָר נאָך איידער דאָס בוך איז אַרויס, פלעגן שוין פאָלקס-לידער געזונגען ווערן ביי פּרצן אין שטוב יעדן שבת. צווישן דעם קרייזל, וואָס פלעגט זיך דאָ פאַר-זאַמלען, איז געווען ה' כהן, אַ זייגערמאַכער לויט זיין פּראָפעסיע, וואָס איז געווען אמת פאַרליבט אין די לידער. ער האָט זיי געשעפּט פון די ערשטע קוואַלן, אין די וואַרשעווער „קנייפּעס", אין אַלע ערטער, ווו יונגען און מיידן פלעגן זיך צוזאַמענקומען צו טאַנצן און צו זינגען. דער ה' כהן איז דער בעסטער קענער פון די יידישע פאָלקס-לידער. אין זיין זאַמלונג, וואָס איז דערשינען אין ניו-יאָרק, איז, לויט מיין מיינונג, דאָס שענסטע און בעסטע אויף דעם געביט. אָן וויסנשאַפטלעכע פּרעטענזיעס, אָבער מיט זייער פיל געשמאַק און פאַרשטענדעניש און מיט געניג פאַך-קענטעניש, וואָס ער האָט זיך מיט מי און פלייס דערוואָרבן, איז ער צוגעגאַנגען צו זיין אויפגאַבע. ער איז געווען שטענדיק אימשטאַנד איבערצוגעבן די באַ-

זונדערע רייצן פון יעדן לידל, די פיינסטע ניואַנסן פון די האַרציקע איינפאַכע מעלאָדיעס.

אויף פּרצן און אויף זיין קרייז האָבן די לידלעך געווירקט, ווי אַ נבואה, ווי אַן אַנטפּלעקונג. מיר האָבן אַלע געהאַט דעם איינדרוק, אַז אַ פרישער קוואַל, אַ לעבעדיקער און אַ שפּראָדלדיקער, האָט זיך געעפנט. נישט נאָר, וואָס די לידלעך האָבן אַנטציקט מיט זייער נישט-געקינסטלטער פּאָעזיע, מיט זייער אינעווייניקסטער וואָרהייט, מיט זייער טיפער האַרציקייט, זיי האָבן נאָך געוועקט און גערופן צו אַ וועלט, וואָס איז געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט דעם יידישן אינטעליגענט, סיי דעם אַלטן, אין דער פאָרעם פון אַ בן-תורה, סיי דעם נייעם, אין דער פאָרעם פון משכיל און געבילדעטן. אָט לעבט אַ פאָלק און זינגט! זינגט פון ליבע, פון בענקשאַפט, פון פרייד און צער! אַ פאָלק, וואָס ווייסט גאָרנישט צו זאָגן פון די אַלע קרומענישן און ווייענישן און האָר-שפּאַלטענישן פון אונדזער טראַדיציאָנעלער און מאָדערנער אינטעליגענץ! די וויטערע רעוואָלוציע פון געדאַנקען און אָנשויאונגען, וואָס די אַנטפּלעקונג האָט אַרויסגערופן, קאָן זיך דער לעזער אַליין אויסמאָלן, און ער וועט זיך דערמאָנען, ווי וויט ביי אונדז איז פאַרשפּרייט געווען (און צי נאָר געווען?) די איבערצייגונג, אַז יידן זענען פון איין זייט אַן „עם סגולה", אַן אויסדערוויילט פאָלק, וואָס איז לויטער גייסט, און פון דער אַנדערער זייט איז עס פאַרקרימט, אָן אַ חוש פאַר נאַטור, פאַר איינפאַכקייט, פאַר ליבע, שיינקייט און פּאָעזיע.

דאָס איז אַ ליגן! — האָט זיך אַן אינעווייניקסטער פּראָטעסט געריסן אַנטקעגן דער אָנגענומענער מיינונג. דאָס איז א יי ע ר קרומקייט, א יי ע ר נישט-נאַטירלעכקייט, אייערע — די בני-תורהס און אינטעליגענטנס — וואָס איר טראָגט איבער אויפן פאָלק. דאָס פאָלק באַשטייט פון נאַטירלעכע געזונטע מענטשן. איר האָט פאַר דעם פאָלק גערעדט, און דעריבער איז עס אַרויסגעקומען אַזאַ פאַרזעעניש. דאָס פאָלק איז שטום געווען. לאָזט עס נאָר קומען צום וואָרט, לאָזט עס רעדן פאַר זיך אַליין, און איר וועט דערהערן נישט די שטים פון פּרינץ און נישט די שטים פון הונט (אין היינעס באַקאַנטן געדיכט), נאָר פון אַ מענטש!...

דערווייל אָבער האָבן די לידער געווירקט ריין-עסטעטיש. אַ האַלבע

צייט פון די שבתדיקע צוזאמענקומענישן ביי פרצן האט מען פארברענגט אין זינגען די פאלקס-לידער, אין א מאדנער געהויבענער שטימונג, אר-גיעס פון פאטעטישער אנטציקונג זענען דאס געווען, פון יענע איבערלע-בעניש, אין וועלכע דער גייסט ווערט פארמירט אזוי ווי מעטאל אין א פלאם. אויך פרצן האבן די איבערלעבענישן געברענגט נענטער צו זיין איך און צו זיין שורש. די פרוכטן פון די איבערלעבענישן זענען צייטיק געווארן ערשט שפעטער — אין די „פאלקסטימלעכע געשיכטן", ווו דער איבערקלוגער, געשפיצטער פרץ, דער זוכער פון נייע וועגן, דער אנהענגער פון א פארוויקלטן סטיל מיט אנצוהערענישן, איז צוריקגעקומען צום פשוטן און הארציקן און דאך — אזוי אינדיווידועלן, אזוי כאראקטעריסטישן פאר פרצן.

דער סוד פון אן אייגענעם סטיל (וואס פרץ האט דערגרייכט אין די „פאלקסטימלעכע געשיכטן") ליגט שטענדיק ביים קינסטלער אין דעם פרא-צעס, וואס פאראייניקט אין אים די פארשידענע עלעמענטן פון זיין גייסט, די, מיט וועלכע ער איז געקומען אויף דער וועלט, און די, וואס זענען א פראדוקט פון זיין לעבן און אומגעבונג. דאס איז א פראצעס פון ארגא-נישן איבעראַרבעטן די פארשידענע עלעמענטן אויף א נייעם שטאף, וואס איז אריגינעל, ווייל דעם קינסטלערס נשמה איז זיין לאבאראטאריע, און וואס איז אינדיווידועל, ווייל ער איז איין-איינציק אין דער וועלט פון דער-שיינונגען.

פון דער צייט, וואס די פאלקס-לידער האבן געהאט אזא אנטשיידנ-דיקע ווירקונג אויף פרצן, ביז צו די „פאלקסטימלעכע געשיכטן", ליגט א שטיק צייט, היפשע עטלעכע יאר. די צייט איז פול מיט פארשידענע פאר-זוכן, וואס פרץ האט געמאכט אויף דעם געביט פון דער דראמע, מיט איינ-פלוסן פון וויספיאנסקין, און אנדערע פראבן, וואס האבן זיך מער אדער ווייניקער איינגעגעבן.

איך היפער איבער די צייט טיילווייז, ווייל איך האב זי נישט מיט-געלעבט, זייענדיק אפט ווייט פון ווארשע, טיילווייז, ווייל איך רעכן נישט, אז זיי שפילן א וויכטיקע ראלע אין פרצס אינעווייניקסטן וווקס.

אין די „פאלקסטימלעכע געשיכטן" זענען פאראייניקט די צוויי הויפט-מאמענטן פון פרצס שאפן: דער חסידישער ברען, וואס איז אין אים

געוועזן פון דער נאטור, און דער צוריקגאנג צום פאלק, דער דראנג צו הארציקייט און נישט-געקינסטלטקייט, וואס איז רעאליזירט געווארן ערשט נאך לאנגן זוכן און בלאנדזשען אויף אייגענע און פרעמדע וועגן און שטעגן.

ווען אש האט זיך באוויזן, דערנאך ווייסנבערג, די אמתע פארטרע-טער פון דער פאלקס-נשמה, וואס מיט זייער מויל רעדט דאס פאלק אליין, האבן אלע געפילט, ווי די בשורה, וואס די פאלקס-לידער האבן אנגעזאגט, ווערט מקוים. דאס פאלק איז געווארן רעדעוודיק און מינדיק.

דעמאלט איז געקומען אויך די צייט, וואס דער, וואס האט מיט זיך געטראגן דאס שענסטע און פראכטיקסטע פון לאנגע דורות תלמיד-חכמי-שער גייסטיקייט, דעם קווינט-עסענץ פון א דור-השכלה, האט אויך דער-קוויקט זיין גייסט מיט דעם פרישן וואסער פון א ניי-אנטדעקטן קוואל, האט זיך אליין געפונען און זיין שענסט ליד געזונגען.

(„דער מאמענט", 1919)

# דער רוף פון פרילינג

דער נאָמען פּרץ פּלאַטערט איצט ווי אַ פאָן איבער טויזנטער יידישע אינסטיטוציעס: קינדער-היימען, שולן, קונסט-פאַראיינען, ליטעראַרישע קלובן, ביבליאָטעקן אאַ״וו נישט נאָר אין פּוילן און אין רוסלאַנד, נאָר העט-ווייט איבער די ברייטע ימען; אומעטום ווו יידן זענען פאַרשפּרייט, אין בערלין אַזוי ווי אין בוענאָס-איירעס, אין מאָנטרעאַל און אין ניו-יאָרק, געפינט איר זיי, די פאַרשידענע אינסטיטוציעס, וואָס טראָגן זיין נאָמען. ווי וואונדערלעך דאָס איז! פּרץ, וואָס איז דער מענטש אָן פּראָגראַם, אַ פאַרביסענער פיינט פון יעדער זאַך, וואָס לאָזט זיך אָפּגרענעצן און איז אונטערגעוואָרפן די דריי אויסמעסטונגען; פּרץ, פאַר וועמען דער אמת אַליין איז נישט מער ווי אַ שטיק באַוועגונג; פּרץ, וואָס האָט קיינמאָל קיין קלאָרקייט נישט געהאַט אין זיינע געדאַנקען, אין שפּיל פון די פּסי-כישע פּראָצעסן, פון דערקאָנען און פילן די צוזאַמענשטויסן און סתירות, האָבן אים גיכער געוויילט איידער געמאַטערט, ביי וועמען דאָס פרעגן איז געווען דאָס העכסטע און שענסטע און דער ענטפער נאָר דער שטויב און בלאָטע פון דער גראָער עקזיסטענץ, — דער דאָזיקער פּרץ איז איצט כמעט ווי אַ נאַציאָנאַל-פּראָגראַם. ווייל עס איז נישט קיין צופעליקייט, וואָס די קאַנאַדער פאָלקס-שול טראָגט זיין נאָמען צוגלייך מיט דער קינדער-היים אין וואַרשע; עס איז נישט קיין טראַף, וואָס אומעטום, ווו ס׳ווערט דער-וועקט דער אינטערעס צו אַ יידיש שאַפן, צו דער שפּראַך, וואָס אין מויל פון פאָלק, דאָרט שווימט אַרויס דער נאָמען פּרץ אַזוי ווי פון זיך אַליין און פּלאַטערט אויף דער אַרויסגעהאָנגענער פאָן. עס גרופּירן זיך מענטשן,

איינעם צום אַנדערן ציט, און זיי פילן, אַז איבער זיי שוועבט אַ לעבעדי-
קער גייסט אין יידנטום.

אין מיטן שימל פון לעבן, אַליין אפשר פאַרזונקען אין דער יידי-
שער בלאָטע, אַ משכיל און אַן איבערגעשפּיצטער מיט אַלע יידישע דרייד-
לעך און געבראָכנקייט, דרייט ער זיך אַרום אַ לעבן לאַנג מיט אַ גרויסן
טראָמפּייט אין מויל, און ווען ער בלאָזט, ווערט די לופט פול, ממש פול
מיט משונהדיקע קולות. טיילמאָל פאַלש, טיילמאָל אָן טאַקט, אָבער שטענ-
דיק הילכט עס און שאַלט און עכאָס ענטפערן פון אַלע זייטן. און פון
צייט-צו-צייט כאַפּט זיך אַרויס אַ הימלישע מעלאָדיע, עפּעס ווי נישט פון
דער וועלט, אַ ווייטע און זיסע, וואָס אַנטציקט און פאַרכישופט.

און צו וואָס רופט ער? שפּילט דער טראָמפּייט אַן אַטאַקע אָדער אַ
צוריקגאַנג: „בילדונג" אָדער „רוח היהדות"? — ביידע נישט אָדער ביידע
יאָ. ווי קומען צו אים סטאַבילע, געזעצטע באַגריפן?

פּרץ איז אַ רוף, אַ שטענדיק שאַלן. לעבעדיקע! נישט זייט ווי
די מתים! פילנדיקע! נישט זייט ווי די עוונוכן מיט פאַרגליווערטע גע-
פילן! העי! האַ! און נאָך אַמאָל העי! דאָס לעבן קאָכט און זידט, דאָס
לעבן איז פול באַוועגונג און רייץ, און איר, וואָס שטייט איר?! וואָס איז
מיט אייך, וואָס איר האָט אַראָפּגעלאָזט די נעז? זענט איר פאַרצווייפלט,
אָדער האָט אַן אני-מאמין אייך פאַרנאַרט אין פּלאָנטער פון אַ נעץ און
איר שטייט געבונדן?

נאַראָנים, וואָס איר זענט!

דער געדענק-טאָג פאַר פּרצן, זיין יאָרצייט, פאַלט אויס אין די ערשטע
טעג פון פרילינג, ווען דיביימער הויבן אָן צו גרינען. פרעגט ביי דער
נאַטור, וואָס ווערט מיט אַמאָל רירעוודיק, רעדנדיק, אויף טויזנטער
שפּראַכן, ציטערנדיק אין יעדן ווייכן וואַרעמען שטראַל, גאַרנדיק אין יעדן
הויך פון די לינדע ווינטן, — פרעגט זי, וואָס וויל זי און וואָס איז זי
אויסן? וואָס מיינט זי מיט איר שאַפן און צו וואָס רופט זי אייך? טויזנט
חכמים האָבן אויפגעשטעלט טויזנט פילאָזאָפישע סיסטעמען, און דאָס
לאַכנדיקע קינד, וואָס האָט זיך געלאָזט גאַלאָפּ און שפּרינגט אַנטקעגן דעם
הימל און דער זון, איז קלוגער פאַר אַלע טויזנט חכמים צוזאַמען.

דער יסוד פון חסידות, פּרצס גרעסטע ליידנשאַפט, איז נישט קיין

מיסטיציזם, אַ רעליגיע-סיסטעם, אַ פּאַרטײַפונג, דאָס זענען נעבן-זאַכן. דער יסוד איז אָט דער רוח פון דער נאַטור. דער צוריקקער פון פרילינג, דער שאַל פון לעבן, וואָס גייט דורך אַלע דורות. יעדעס פאָלק און יעדע קולטור האָט זיין „חסידות" אין ד ע ר צי אַנדערער פאָרעם. עס טרעפט, אַז דורך לאַנגע דורות ווערט דער גייסט פון די מענטשן פאַרווינטערט, די קוואַלן ווערן פאַרפרוירן, דאָס לעבן איז פאַרגליווערט, אַנשטאָט לעבעדיקע באַוועגונגען ווערן באַשאַפן שאַבלאָנע אויסגעטרעטענע נייגונגען און בוי-גונגען, אַזוי ווי ביי די כינעזער. ביז עס הויבט אָן צו רופן און צו וועקן, פייגל קערן צוריק פון ווייטע וואַרעמע לענדער, עפּעס רייסט זיך, בונטע-וועט זיך, דאָס אייז פּלאַצט, און אַ טראָמפּייט שאַלט — דער פרילינג קומט! נעמט לעבן, נעמט שאַפן, ווייל איר זענט דאָך די לעבעדיקע.

דאָס איז געווען דער רוח פון פּרצן, און אויב איר ווילט — זיין פּראָגראַם.

נישט קיין נאַציאָנאַל פּראָגראַם, נישט קיין ספּעציעל יידישס, נאָר אַ ריין מענטשלעכן מאָטיוו האָט ער אויסגעבלאָזן אויף זיין הילכיקן טראָמפּייט.

און מיר, די קלוגע און איבערגעשפּיצטע פון דאַנציקער יריד, די דאַרע און קוואַרע פון בית-המדרש, און די פאָרמעלע קעפּ פון אוניווער-זיטעט — ווי נויטיק האָבן מיר געהאַט דעם רוח, דעם דרייסטן שאַלנדיקן, נישט-קאָנסעקווענטן, אָבער דאָך אַזוי טיף אַריינדרינגענדיקן.

פּרץ האָט געמאַכט אָן עפּאָכע, און דער דור וועט אָנגערופן ווערן אויף זיין נאָמען.

און ווו עפּעס ווערט געשאַפן, עפּעס, וואָס האָט וואָרצלען אין יידישן לעבן; עפּעס, וואָס בויט נישט אויף מעכאַניק און אויף קאָמבינאַציעס, נאָר אויף אינערלעכן וווקס, אויף אָרגאַנישער אַנטוויקלונג, אויף נאַטור און פאָלקסטימלעכקייט, — דאָרט ווערט דער נאָמען פּרץ דערמאָנט און אויפגעשריבן אויף דער פאָן.

אויף טויזנטער וועגן בלאָנדזשען די מענטשן, און קערן זיך סוף-כל-סוף ווידער צוריק צום פרילינג, צום רוח פון שאַפנדיקן לעבן.

(„דער מאָמענט", 1920)

# וועגן פּרצס מצבה

אויף פּרצס קבר איז נאָך ביז היינט צו טאָג נישטאָ קיין מצבה.

איך האָב אָבער שטאַרק מורא, אַז נישט דאָס איז דאָס גרעסטע אומגליק. אַ קליין הילצערן ברעטל מיט דעם נאָמען און טויט-טאָג פון דיכטער איז אין טאָג פון זיין קבורה אַוועקגעלייגט געוואָרן. ניין יאָר זענען שוין אַריבער, דער רעגן און די זון האָבן די שוואַרצע אותיות אַביסל אָפּגעריבן, און דאָך, מיין איך, אַז אַט דאָס הילצערנע ברעטל איז אפשר מער צוגעפּאַסט צום אָרט, ווי די מצבה, וואָס מען וועט שטעלן.

ווייל ווען די מצבה וועט אַוועקגעשטעלט ווערן, דעמאָלט ערשט וועט קלאָר ווערן פאַר אַלעמען, אַז די מענטשלעכע קליינקעפּלדיקייט איז שטאַרקער פאַרן טויט, אַז דאָס ביסעלע נאַרישע גאווה און עקשנות האָט פיל מער צו זאָגן און קאָן פיל מער אויספירן, ווי דער שווונג פון אַ דיכטער.

אַ מצבה וועט דאָס זיין פאַר אונדזער צעריסנקייט, אַ דענקמאָל פאַר סענטימענטאַלער שטומפּזיניקייט פון פאַרשידענע קליינלעכע ווייכהאַרציקע מענטשן; אָבער נישט קיין מצבה פאַר דעם פרייען טראָציקן גייסט פון י. ל. פּרץ.

עס וועט זיין אַ מצבה מיט באַוואָרענישן, אַ מצבה מיט פּשטלעך, אַ מצבה, וואָס קיינער וועט נישט קאָנען פאַרשטיין — לויט איר אויסזען און פאָרעם, לויט איר אויפשריפט, סיידן ער וועט מוזן שטודירן „געשיכטע“.

די געשיכטע פון דעם, ווי אַזוי דער פּלאַץ, באַשטימט צום ערשטן

פאַר פּרצס קבר און דענקמאָל, איז פאַרשמעלערט און פאַרשמעלערט גע-וואָרן, ביז ס'איז קיין פּלאַץ נישט געבליבן אויף אַוועקצושטעלן מער ווי אַ שמאָלע זייל, קיין שום איינדרוקספולע זאַך, און ווער שמועסט נאָך אַן אימפּאָזאַנטע זאַך, איז נישט מעגלעך מער אַוועקצושטעלן; און די גע-שיכטע דערפון, ווי אַזוי כלל-טוער און פּאַרטייען האָבן זיך אַרומגעריסן און אַרומגעפּשטלט, וואָס מען זאָל אויפשרייבן אויף דער מצבה, האָבן אָפּגעהאַלטן אַן אַ שיעור זיצונגען, ביז ענדלעך מען איז געקומען צום אויסגלייך — — מען זאָל  ג אָ ר נ י ש ט  אויפשרייבן.

אָט אַזוי ווי איר הערט! אויף פּרצס מצבה טאָר גאָרנישט זיין אויפ-געשריבן. בלויז דער נאָמען און די דאַטע פון טויט. קיין איינציק וואָרט נישט מער.

די העברעאיסטן און די יידישיסטן זענען געשטאַנען אין אַ פאַרבי-טערטן קאַמף, און אַ קאָמפּראָמיס איז געווען אוממעגלעך, קיינער האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן, לאַנג האָט געדויערט דאָס אַרומרייסעניש אין דעם פּרץ-קאָמיטעט, הונדערטער לאַנגע דרשות זענען געהאַלטן געוואָרן ביי דער געלעגנהייט, און מען האָט גערעדט מיט פייער און מען האָט גע-רעדט מיט טעמפּעראַמענט, און מען האָט געבלעטערט פון י. ל. פּרץ און אַרויסגעזוכט ציטאַטן (און ציטאַטן פון פּרצן קאָנט איר ברענגען פאַר-שידענע און פּונקט קאַפּויערדיקע). אַ זיצונג נאָך אַ זיצונג איז אַוועק, און די רעדנער-ליסטע איז אַלץ נישט געווען אויסגעשעפּט... ביז ס'איז געקו-מען דער תם, דער דריטער זון פון דער הגדה, אַן אומפּאַרטייאישער, און האָט אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג. אַזוי! רבותי! לאָמיר שרייבן די מצבה אויף צוויי שפּראַכן, אויף יידיש און אויף העברעאיש, הלמאי האָט פּרץ געשריבן אויף ביידע שפּראַכן...

האָט מען אָבער דעם תם איבערגעקליגלט. האָט איינער געמאַכט אַ שאַכמאַט-צוג און אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג צו שרייבן די מצבה אויף דריי שפּראַכן, אויף יידיש, העברעאיש און פּויליש, וואָס ס'וואָלט אַרויס-געקומען גאָר מאָדנע קאָמיש, האָט מען ווידער אויפסניי גענומען האַלטן דרשות, און אַז מען איז לסוף שוין מיד געוואָרן, איז געבליבן — גאָרנישט. בנאמנות אַ געניאַלער איינפאַל.

בנוגע ווידער דעם פּלאַץ האָט מען זיך נישט אַרומגעריסן; די ווייכ-

הארציקע שטומפזיניקייט האָט דאָ געפירט דאָס רעדל און געבראַכט צום איצטיקן צושטאַנד, וואָס איז לײדער נישט מער אויסצובעסערן.

פּרץ איז אין פאַרלויף פון פיל יאָרן געווען אַ באַאַמטער אין דער וואַרשעווער יידישער גמינע, און ער איז געווען דער אויפזעער און פאַר־וואַלטער פון די פלעצער אויפן בית-הקברות, אָבער ווען ער איז גע־שטאָרבן, האָט אים די גמינע צוגעטײלט אַן אָרט, וואָס איז אפשר געווען פּאַסיק פאַר אַ געוויינלעכן בכבודיקן מענטש, אָבער נישט פאַר אַ דיכטער און פאָלקס-העלד, ווען מען רעכנט, אַז דער פּלאַץ בלייבט געהייליקט, און אַז אַ געהעריקער מאָנומענט דאַרף אויף אים אויפגעשטעלט ווערן.

דער פּלאַץ איז פון אָנהויב אָן געווען צו ענג. די אַסימילאַטאָרישע גמינע האָט אָבער געהאַלטן, אַז זי האָט שוין אָראָפּגענומען די האַנט פון הארץ און האָט שוין פיל געטון דערמיט, וואָס זי האָט פּרצן צוגעטײלט אַן אָרט פאַר אַ רייכן מענטש, שיער נישט פון אַ באַנקיר. אַז פּרץ באַדייט עפּעס מער נאָך ווי אַ באַנקיר, אַז דער גאַנצער ענין איז אייגנטלעך אַ פאָלקס-זאַך — אַזוינע געדאַנקען האָט דער דערמאָנטער פירער פון דער גמינע, ה' נאַטאַנזאָן, נישט געקאָנט צולאָזן.

איז געשטאָרבן דינעזאָן... גענוג, אַז עפּעס אַ פּאַרווײנט מענטשל, וואָס פאַרקערט זיך שטאַרק אַרום גרויסע נעמען, זאָל זיך אָנרופן: „מען דאַרף אים באַגראָבן נעבן פּרצן", און קיינער זאָל זיך נישט קעגנשטעלן.

ווער וויל זיך דאָס אַרויסוויזן פאַר אַן אכזר, אַ מענטש אָן אַ האַרץ, און נישט דערלאָזן ערן אַ פאַרדינטן שרייבער, בשעת דער פאַרשטאָרבע־נער ליגט נאָך אויף דער ערד?

נישט איינער האָט אין טיפן פון זיין האַרץ געפילט, וואָס איצט איז שוין קלאָר פאַר אַלעמען. דינעזאָן איז טאַקע געווען אַ פאַרדינטער שרײ־בער, ער איז טאַקע געווען דער פריינט פון י. ל. פּרץ, אָבער דאָך דאַרף פּרצס פּלאַץ אָפּגעהיט צו ווערן, ווייל דער פּלאַץ איז נישט מער אַ פאַמי־ליע-אָנגעלעגנהייט פון ביידע פאַרשטאָרבענע, ווייל פּרץ פאַרנעמט אין אונ־דזער פּסיכאָלאָגיע גאָר אַ באַזונדער אָרט, אַ געהייליקטס, זיין נאָמען און זיין קבר זענען אַ סימבאָל, אַ סימבאָל פון יידישן שאַפן, אַ סימבאָל פון גלויבן אין אַ יידישער וועלטלעכער קולטור. אַ סימבאָל מוז זיין קלאָר,

אָפּגעזונדערט, גאַנץ אין זיך, אָן צוגאָבן, אויב נישט, פאַרלירט ער זיין גאַנצע באַדייטונג.

אָבער... פאַרוויינטע פּנימער האָבן גערעדט מיט קלאָגעדיקע שטימען, און קיינער האָט נישט געוואָגט צו זאָגן ניין.

שוין דעמאָלט איז קלאָר געווען, אַז וועגן אַן אימפּאָזאַנטן מאָנומענט פון אַ גרויסן קינסטלערישן פאַרנעם קאָן מען מער נישט טראַכטן.

און אין אַ צייט אַרום שטאַרבט אַנ-סקי. אויך אַ פאַרדינטער שרייבער, אויך באַפריינדעט מיט פּרצן, און ווידער אַמאָל חזרט זיך איבער די זעלבע געשיכטע. מען מעסט דעם פּלאַץ און מען געפינט אויס, אַז מען קאָן נאָך, ווען אַ ברעט ביי אַ ברעט זאָל אָנרירן, אַריינרוקן אַ קבר. ווידער שטעלן זיך אָן פאַרוויינטע פּנימער, און קלאָגעדיקע שטימען זאָגן: באַגראָבן נעבן פּרצן, קיינער זאָגט נישט ניין.

און אַזוי איז עס אויסגעקומען, וואָס פּרצעס קבר איז צוזאַמענגעפּרעסט פון אַלע זייטן, און ווי דער אַרכיטעקט און דער סקולפּטאָר זאָלן זיך נישט קלייגלען, זיי וועלן גאָרנישט קאָנען אויפטון.

מער ווי אַ שמאָלינקע מצבה קאָן מען נישט אויפשטעלן, און וואָס העכער זי וועט זיין, אַלץ אומגעלומפּערטער וועט זי אַרויסקוקן.

מיר איז נישט לאַנג אויסגעקומען, אַלס אַ מיטגליד פון דעם זשורי, וואָס האָט צו באַשטעטיקן דעם מאָדעל פאַר דער מצבה, אָנצוקוקן די אַלע צוגעשיקטע זאַכן. גאַנץ שיינע פּראָיעקטן, אָבער קיין איינציקער טויג נישט, ווייל דער פּלאַץ דערלויבט נישט.

מען וועט זיך מוזן באַנוגענען מיט עפּעס אַן אומגעלומפּערטקייט (אַ ברירה האָט מען!), אַבי עס זאָל זיך לאָזן פּראַקטיש אויספירן.

און אויף דעם גאָרנישט-זאָגנדיקן מאָנומענט וועט גאָרנישט שטיין אָנגעשריבן! דאָס וועט זיין פּרצעס מצבה.

אַ מערכה נאָך, וואָס אין קאָמיטעט איז נישט געזעסן קיין קאָמוניסט, דעמאָלט וואָלט מען דעם נאָמען אויך נישט געקאָנט שרייבן. דער קאָמוניסט וואָלט געפאָדערט צו שרייבן פּערעץ.

ת. ד. נאַמבערג

## ווער איז שולדיק?

מילא, די פּראָווינצטע ווייכהאַרציקייט האָט דאָס איריקע געטון, און עס איז פאַרפאַלן. ווען מען זאָל זיי פּאָלגן, וואָלט מען געדאַרפט שטעלן איין מצבה פאַר אַלע דריי שרייבער. אָבער, נישט אַנצורירן דעם כבוד פון דינעזאָן און אַנ-סקי, מוז מען דאָך זאָגן, אַז די גאַנצע מצבה וואָלט דע-מאָלט אויפגעהערט צו האָבן די באַדייטונג פון אַ סימבאָל. פּרץ איז פיל מער ווי אַ פאַרדינטער שרייבער ביי אונדז, פּרץ איז אַ פאָלקס-העלד, פּרץ איז אַ נאָמען, וואָס האָט אַ הילכיקן אָפּקלאַנג אין דער נשמה פון יעדן מאָדערנעם ייד, פּרץ לעבט און וועט לעבן אין דער פאַנטאַזיע פון פאָלק. און דערויף האָבן מיר געוואָלט זען אַ געהעריקן מאָנומענט אויף זיין קבר. אַ מצבה פאַר דריי איז אַ פאַמיליע-אַנגעלעגנהייט, און לאָזט אונדז אַלע גלייכגילטיק.

אָבער בנוגע דער אויפשריפט — אפשר וואָלט זיך נאָך געלאָזט אָפּ-ענדערן דעם גזר-דין פון דעם פּרץ-קאָמיטעט.

איך מוז זאָגן דעם אמת, אַז כאָטש מיר, אַלס יידישיסט, וואָלט אפשר ליבער געווען אַ מצבה מיט אַ יידישער אויפשריפט, איז פונדעסטוועגן אַ העברעאישע אויפשריפט נישט קיין זאַך, וואָס זאָל מיך שאָקירן. אין וואַר-שע זענען עד-היום כמעט נאָך נישטאָ קיין מצבות מיט אויפשריפטן אויף יידיש, און פּרץ איז פאַר אונדז נישט קיין זאַך פון דעמאָנסטראַציעס. אָבער נישט דאָס איז דער עיקר.

די הויפּט-זאַך איז, וואָס העברעאיש איז פון די געהייליקטע זאַכן. העברעאיש ביי פייערלעכע ענינים קאָן פאַרנעמען זיין היסטאָרישן פּלאַץ, העברעאיש אויף אַ מצבה קלינגט פונקט אַזוי נאַטירלעך ווי העברעאיש ביים דאַווענען, פונקט אַזוי ווי העברעאיש אונטער דער חופּה. פּרץ איז אויף יעדנפאַל נישט געווען קיין העברעאיש-פרעסער, אַז ער זאָל נישט האָבן אָנערקענט די באַדייטונג פון העברעאיש אין געוויסע ווינקלען פון אונדזער לעבן.

עפּעס אַנדערש איז, ווען מען וויל מיט אונדזער הייליקייט אויספילן דעם פּלאַץ פון אונדזער וואָכעדיקייט, עפּעס אַנדערש איז, ווען מען וויל

מיט דער ירושה פון עבר פאַרצוימען דעם וועג פון שאַפנדיקן לעבן, דע-
מאָלט שטייען מיר אין קאַמף.

אויב ס'איז אנדערש נישט מעגלעך, אויב קיין יידישע מצבה קאָן
נישט אוועקגעשטעלט ווערן, וואָלט איך שוין ליבער געווען פאַר אַן איינ-
שפּראַכיקע קורצע העברעאישע אויפשריפט, איידער די באַשלאָסענע קאָ-
מישע שטומקייט.

(„דער מאָמענט", 1923)

# נולד-נפטר

## (וועגן דער אויפשריפט אויף פרצם מצבה)

יאָ, דאָס איז אַ פאַקט, אַזוי איז דאָס טאַקע: איך זיץ ביי אַ טיש און שרייב אַן אַרטיקל וועגן — „נולד, נפטר".

ערשט נישט לאַנג האָב איך עס געהאַלטן פאַר אוממעגלעך. אָבער וואַרשע איז אַ שטאָט — אַן אויסנאַם אויף דער גאַנצער וועלט, עס פּאַסירן דאָ אַזוינע משונהדיקע זאַכן.

די שטאָט ביתר איז חרוב געוואָרן איבער עפּעס אַ נאַרישער קלייניקייט. ווען עס וואָלט זיך נאָר געווענדט אָן אונדזערע פּאַרטיי-עקשנים, וואָלט וואַרשע געווען דריי מאָל (מינדסטנס) אין אַ חודש איבערגעדרייט.

צוליב דער מינדסטער קלייניקייט איז מען דאָ גרייט וועלטן איבערצוקערן.

דאָ זענען כסדר אילומינאַציעס און פייער-ווערק — יעדעס מאָל, ווען מען צינדט אָן אַ שוועבעלע.

טעמפּעראַמענט, וועט איר זאָגן, איז דאָס; וואַרשע האָט אַזאַ היים בלוט, וואָס קאָכט און זידט באַלד אויף.

ניין! דאָס איז די וויסטע נודנעקייט פון ערגעץ אַ פּאַרוואָרפענער פּראָווינץ.

ווייל דאָס איז נישט קיין קאַמף אויף עפּעס אויסצושפּילן, אויף צו דערגרייכן אַ ציל; דאָס איז נישט דער קאַמף וועגן מאַכט איבער מענטשן,

דער קאַמף וואָס פאַרשיכורט גראָד שטאַרקע נאַטורן. דאָס איז — — —
איך פאַרשפּאָר עס צו דעפינירן, דאָס איז — נולד-נפטר-קאַמף...

וואָס איז? באשר הער גרינבוים האָט געשטעלט אַן אולטימאַטום דווקא נולד-נפטר, האָט דער צווייטער צד געשטעלט אַן אולטימאַטום דווקא נ י ש ט נולד-נפטר, און אַז צוויי אולטימאַטומס שטויסן זיך צוזאַמען, גייט די וועלט אונטער? — ניין! די וועלט גייט נישט אונטער, נאָר וואָרשע האָט אַ פייער-ווערק.

צו וואָס ה' גרינבוים איז אַרויסגעריטן אויף די שווערע רייט-וועגן פון פרינציפּן און דערלאַנגט זיין אולטימאַטום — ווייס איך נישט, פּונקט אַזוי, ווי איך קאָן נישט פאַרשטיין, וואָס די יידישע קולטור-באַוועגונג וועט היזק האָבן, אויב אויף פּרצס מצבה וועלן זיך געפינען די צוויי טראַדיציאָנעלע העברעאישע ווערטער.

ווען נישט דער אולטימאַטום, וואָלט קיין קעגן-אולטימאַטום נישט געווען, און דער פּראָיעקט פון די אויפשריפטן איז געמאַכט אַזוי, אַז קיינער פון די צדדים קאָן זיך נישט געפינען באַוולהט.

אין 18-שורותדיקע יידישע אויפשריפט פון דער „גאָלדענער קייט" איז אַ גאַנץ געגוגנדיקע קאָמפּענסאַטע פאַר די צוויי אָרעמע העברעאישע ווערטער: „נולד — נפטר".

אָבער איין צד האָט געדראָט, האָט געשליידערט זיין שפּיז, און דער צווייטער האָט אים אויפגעכאַפּט.

און די מלחמה האָט זיך צעשפּילט איבער דער גאַנצער ליניע.

וואָס איז דאָ צו זאָגן? און וואָס קאָנען העלפן באַווייזן, ראיות און איבעררעדענישן? מיר ווייסן דאָס אַלץ פון אויסנווייניק. פּרץ איז געווען אַזוינער; ניין, פּרץ איז געווען אַן אַנדערער... מיר ווילן נישט קיין מצבה, מיר ווילן אַ דענקמאָל...

דאָס אַלץ איז זייער גוט און פיין, נישט מער, אויב דער „אַרבעטער-רינג" פון ניו-יאָרק וועט פּרצן ערגעץ (אין זיינע לאָקאַלן) שטעלן אַ דענקמאָל, וועט ער שרייבן בלויז יידיש; אויב דער מאַגיסטראַט פון תל-אביב וועט אפשר וועלן אַמאָל שטעלן אַ דענקמאָל פּרצן, וועט ער שרייבן בלויז העברעאיש. דאָ, אין וואַרשע, אויפן יידישן בית-עולם, מוז דאָס זיין צוגלייך אַ מצבה און אַ דענקמאָל, און דער טראַדיציאָנעלער „נולד-נפטר"

קאָן נישט פעלן. דאָס איז קלאָר און פאַרשטענדלעך, און איך שטעל מיר נישט פאָר, אַז עמעצער פון די אָנהענגער פון אַ קולטור אויף דער יידישער שפּראַך זאָל זיך קאָנען פילן דערפון באַליידיקט.

ס'איז קלאָר געווען פון אָנהויב אָן, אַז אויב חבר לעשצינסקי האָט זיך געזעצט ביי איין טיש מיט ה' גרינבוים, איז דאָס אַזוי גוט, ווי מען וואָלט באַלד אויסגערעדט, אַז מען וועט זוכן די פּשרה, דעם אויסגלייך, נישט דעם קאַמף.

ווייל דאָס אָרט פון קאַמף איז אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, נישט אין אַ קאָמיטעט פון עטלעכע מענטשן.

וואָס האָט דאָס פאַר אַ זין צווישן עטלעכע מענטשן היימישע (און נאָך דערצו דורכגעטריבענע און דורכגעריבענע אין פּאָליטישן קאַמף) זיך אָנצוגאַרטלען אין שווערן פּאַנצער און שיסן פיילן? און ווו איז די לאָגיק, אַז באַשר איינעם האָט זיך פאַרגלוסט צו דאָנקיכאָטעווען, זאָל זיך דער צווייטער צו באַלד אַליין כאַפּן צום פּאַנצער, שפּיז און פיילנבויגן?

דאָס איז אַן ענין פאַר גאָמבין (אַ שטעטל, באַרימט מיט זיינע מח-לוקתן ווענן רב און ווענן „למען תזכרו"), 5 ביינאַכט זינקט, נעבעך, דאָס שטעטל אין פינצטערניש און לאַנגווייליקייט און עס וואָלט געמוזט אַרויס-לאָזן איין גרויסן געגעץ, ווען נישט די מחלוקות.

אָבער וואַרשע, אונדזער וואַרשע, דער כּרך, די וועלט-שטאָט, און — אַ קאַמף איבער דער גאַנצער ליניע ווענן נולד - נפטר!



נו, וועט מען מיך שעלטן מיט פּרינציפּלאָזיקייט. אָט אַזוינע רייד קאָן רעדן נאָר אַזאַ פּרינציפּלאָזער מענטש, ווי איך בין.

אפשר איז דאָס וואָר. איך האָב נישט ליב קיין פּרינציפּן צוליב זייער פּרינציפּיאַלישקייט, אָבער איך האָב ליב דאָס לעבן, און דאָס לעבן וואָלט איך געוואָלט זען שענער, יידישלעך, געבויט אויף דעם פּרינציפּ (הערט!) פון אַ יידישער קולטור.

און נאָך ווייס איך, אַז די אַלע, וואָס ווילן זייערע פּרינציפּן זען

פאַרווירקלעכט אין לעבן, טוען נישט עפּעס אַנדערש, ווי איר. למשל: די שול-טוער מוזן מאַכן קאָנצעסיעס דער העברעאישער שפּראַך און — האָרכט מיין נבואה! זיי וועלן נאָך דער רעליגיע מאַכן קאָנצעסיעס, ווייל איך גלויב אין זייער ליבע צום יידישן קינד...

צי איז גראָד פּרצס קבר דאָס אָרט, וווּ מ'זאָל זיך אָוועקשטעלן אין דער גאַנצער מלחמה-קליידונג און נישט נאָכגעבן, ניין! נישט אויף קיין האָר! —

* * *

און פּרצס קבר איז איצט באַשאָטן טיף מיט שניי. דאָס קליינע ברעטל זעט מען נישט אַרויס, 9 יאָר שוין. אין פאַרלויף פון 8 חדשים האָט דער פּרץ-קאָמיטעט קיין איין זיצונג נישט געהאַט. קיינער האָט זיך נישט געקימערט. איצט האָט די מלחמה זיך צעפלאַקערט. פּרינציפּן האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן. און אויב עס וועט איצט פאַרפעלן מוט, די מצבה ענדלעך אַוועקצושטעלן, האָב איך מורא, אַז נאָך חדשים און יאָרן וועלן פאַרגיין, און קיין מצבה וועט אַלץ נישט זיין.

ווייל עס פאַרנעמט זיך דאָך נישט ביי אונדז, אַז דער שפּראַכן-קאַמף זאָל אַזוי גיך אויסגעקעמפט ווערן אָהין אָדער אַהער.

לאָמיר האָפן, אַז דער גולד-נפטר-קאַמף וועט זיך גיין זיין גאַנג אָן צו האָבן אַ השפּעה אויף אָפּצולייגן דאָס אויפשטעלן די מצבה.

(„דער מאָמענט", 1924)

# וואַנדאַליזם...

מיר פאַרמאָגן איין-איינציקן דענקמאָל פאַר א העלד פון גייסט, פאַר א יידישן קינסטלער, — איז דער דענקמאָל פאַרבאָרגן: אויפן בית-עלמין. צווישן די לעבעדיקע איז נאָך די צייט נישט געקומען אויפצושטעלן א דענקמאָל פאַר א יידישן קינסטלער.

מיר מיינען — די מצבה פון י. ל. פרץ, דער שיינער און געלונגענער מאָנומענט, וואָס מיר האָבן געמוזט וואַרטן אויף אים גאַנצע צען יאָר צייט.

און ער איז נאָך נישט אינגאַנצן פאַרטיק. עס פעלט נאָך א קליינע, א לעבערלעכע סומע צו דערגאַנצן דאָס ווערק.

די מצבה איז נאָך נישט אויפגעדעקט געוואָרן.

און די מ י א ו ס ק יי ט האָט שוין אויסגעשטרעקט אירע צינישע הענט צו דעם ווערק!

קומען מענטשן — ווער ווייסט זיי און ווער קאָן זיי! — און נעמען צייכענען, שרייבן, וואָס וועמען קומט אין קאָפּ אריין, און מאַכן פון דעם הערלעכן ווערק פון מייסטער אָסטזשעגאָ א תל, נאָך איידער ס'איז אויפגעדעקט געוואָרן.

לאָמיר לייגן די האַנט אויפן הארצן און לאָמיר מתוודה זיין אונדזער נאַציאָנאַלע זינד: מיר פאַרמאָגן נישט דעם חוש פון פיעטעט פאַר אזוינע זאַכן.

שטייט א מצבה, ווייס, קלאָר, איז ווער עס האָט א האַנט און א פּוס, קלעטערט ציניש אַרויף, נעמט א רויטע, צי א בלויע בליישטיפט אין האַנט און שרייבט אומגעלומפּערטע ווערטער, צייכנט, טוט, וואָס זיין האַרץ גלוסט, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען א הפקר-וואַנט.

און מען פאַראומרייניקט די מצבה! שוין איצט איז דאָס ווערק נישט צו דערקאָנען, מען וועט מוזן רופן א כעמיקער, ער זאָל פּרוון מיט פאַרשידענע מיטלען אַרויסבאַקומען די נאַרישע אויפשריפטן און די אַלע „געמעלעכצן", וואָס האָבן עס אין אַזאַ קורצער צייט באַדעקט.

און זיי מיינען, חלילה, גאָרנישט קיין שלעכטס, די אַלע אומבאַקאַנטע, וואָס באַגייען דאָס שרעקלעכע פאַרברעכן, זיי ווייסן אפילו נישט, וואָס זיי טוען, זיי פאַרשטייען נישט, זיי פילן נישט... שטייט זיך א מצבה, נעמט מען און מען שרייבט.

„איך, יענקעל בן תודרוס, בין געווען ביי דעם פּלאַץ און ס'האָט מיר גאַנץ גוט געפאַלן" און דעסגלייכן אַזוי-זיך פראַזן און ווערטער, דיקטירט פון דער קליינקעפּלדיקייט, וואָס דאַרף זיך ביי יעדער געלעגנהייט לאָזן ווייזן און הערן, כדי איר עקזיסטענץ זאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

אָי, וואָס דאָס גאַנצע ווערק ווערט פאַרשמירט, באַקומט דאָס אויסזען פון א מויער ביי אַן אַריינפאָר-הויז, און עס לייגט זיך דערויף די פאָרמלאָזיקייט, די אומגעשטאַלט, און אַנשטאָט א קונסט-ווערק, וואָס עס האָט דאָך געקאָסט אַזוי פיל מי און שעפערישן — כוח און געלט, באַקומט זיך א קאָלעקציע פון שמוציקע פלעקן, דאָס אַרט נישט אים, דעם אומבאַקאַנטן מחבר פון דער אויפשריפט. ער האָט דאָס זייניקע געטון — פאַראומרייניקט און איז אַוועק!

פון פּרצס מצבה רעדן אַראָפּ די פּאַטעטישסטע ווערטער, וואָס א יידישער קינסטלער פון די לעצטע דורות האָט אַרויסגעזאָגט: די ציטאַטע פון דער „גאָלדענער קייט", וואָס וואַרעמט און גליט אין איר דערהויבנקייט:

„מיר נשמה-יתרה-יידן" אא"וו.

און דאָ קומט דאָס מיאוסעניש פון דער וואָכעדיקער גאַס, די נאַרישסטע אומגעלומפּערטקייט, און וויל מיטרעדן — אויפן זעלבן פּלאַץ,

ת. ד. נאַמבערג

אויפֿן סאַמע אויבן-אָן, דאַרף מען צוהערן, וואָס יענקלען בן תודרוסן איז געקומען אין קאָפּ אַריין אין דעם און דעם טאָג!

ס'איז אַ שרעק צו טראַכטן, אַז די דאָזיקע מנוולים ווייסן אפילו ניִשט, אַז זיי טוען עפּעס שלעכטס!

עס בעלט דער חוש דערפֿאַר!

וואַנדאַליזם!...

(„דער מאָמענט", 1925)

# נאָך דער פּרץ־פייערונג

נישט דער ענין פון טויט, וואָס קאָן פאַרגלעטן און אויסגלייכן די גרעסטע צעריסנקייט — האָט געהאָלפן; נישט דער כבוד פון אַ דיכטער, וואָס לויט די אומעטום גילטיקע באַגריפן, ווערט ער געשווינט פון ווייטע און נאָענטע — האָט געקאָנט איינשטילן ביי אונדז דעם פאַרביסענעם חשק זיך צו וואַרפן מיטן גאַנצן אימפּעט אויף די פּרץ־פייערונגען.

איך דערמאָן מיך אין די פייערונגען לכבוד דעם פּוילישן דיכטער שיענקעוויטש. דער ליטעראַטן־פאַראיין האָט דעמאָלט געטראָגן אַ קראַנץ... און אַלץ איז אָפּגעגאַנגען כשורה. דער טאָן פון פייערלעכקייט איז פון קיינעם נישט געשטערט געוואָרן.

פאַרגלייכט מיט דעם — וואָס ביי אונדז האָט זיך אָפּגעטון!

וואָס איז? עמעצן האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די פייערונג וועט אויסגענוצט ווערן פון דער קעגן־פּאַרטיי; עמעץ האָט זיך, מן־הסתם, געפילט באַליידיקט — איז אַלץ אָן אַ זייט, מען האָט זיך צעזונגען אויף דער העכסטער אָקטאַווע.

ווי זאָגט שמריהו לעווין: מיר זענען אַ קליין־קליינטשיק פאָלק, אָבער — אַ טאַקטלאָז.

ביי אונדז הערט מען שטענדיק, ווי עס טרעשטשעט, ווי עס רייסן זיך שטריק. מיר האָבן, אַ פּנים, אַזוי ליב די קולות, אַז אַפילו ביי אַ פייערונג לכבוד אַ גרויסן דיכטער ווערט שוין געזאָרגט, אַז אונדזערע אויערן זאָלן נישט אויפהערן צו פאַרנעמען דערביי די משונהדיקע קולות.

און מיר זענען דאָך געשטאַנען פאַר א קבר! און מיר זענען דאָך געשטאַנען פאַר דעם אָנדענק פון א דיכטער.

נאָר טאַקטלאָזע מענטשן זענען נישט פעאיק מוותר צו זיין אויף דאָס זייעריקע בעת א פייערונג.

פייערונג הייסט האַרמאָניע, שטילשטאַנד, איינהאַלטן דעם אָטעם. דער דאָזיקער מאָמענט איז אזא זעלטנקייט אין לעבן פון די מענטשן, אז ווען ער טרעפט, פאָדערט ער גאָר אַן אַנדערע, אויסערגעוויינלעכע באַציאונג. אָדער מען מאַכט מיט (ווען מען קאָן נאָר), און ווען נישט — שטייט מען אָן א זייט און מען שטערט נישט.

מעג עס זיין א פייערונג פון ווילדע, פון האָטענטאָטן, פון מענטשן־פרעסערס.

מיר זענען אַלע נישט מער, ווי שוואַכע מענטשן־קינדער, און מיר זענען צעריסן נישט נאָר איינער מיטן אַנדערן, נאָר אין אונדזער אינערלעכקייט זענען מיר אַליין צעריסן מיט זיך, פול מיט דיסהאַרמאָניעס. און דעריבער, ווען מען טרעפט אָן אויף א פייערלעכער צערעמאָניע, פילט מען דאָס באַדערפעניש (איך רעד פון נאָרמאַלע מענטשן) זיך אויפצושטעלן, אַראָפּנעמען דעם הוט.

* * *

מיך פרייט עס כּלל נישט, אויב אין דער פייערונג האָט זיך באַטייליקט (חוץ קליינע אויסנאַמען) נאָר דער יידישיסטישער עולם. עס איז געווען א געלעגנהייט אויף א גרויסער פייערלעכער נאַציאָנאַלער צערעמאָניע. פּ ר ץ גיט די מעגלעכקייט דערצו. יעדער קאָן אין אים געפינען דאָס זייניקע. עס איז נישט קיין פּאַראַדאָקס, אויב איך וועל זאָגן, אז אויב די טיפערע קעפּ פון די אָרטאָדאָקסן וואָלטן געלייענט און פאַרשטאַנען דעם אינערלעכן זין פון פּרצס שאַפן, וואָלטן זיי אפילו אים געשטעלט א הערלעכע מצבה. ער האָט געמאָלט די רעליגיעזע יידן מיט אזא פּאַטאָס, וואָס קיינער פאַר אים און נאָך אים האָט דאָס נישט געטון. ער האָט געמאָלט די אינערלעכע גרויסקייט פון דער אַלטער רעליגיעזער וועלט. לייענט „פיר

דורות — פיר צוואות", און זעט, פאַר וועמען ער פילט דעם גרעסטן רעספּעקט...

און פאַר אונדזערע העברעאיסטן האָט אויך דער נאָמען פּ ר ץ וואָס צו זאָגן. כאָטש צוליב דעם אייגנאַרטיקן קלאַנג, צוליב דער מוזיק פון זיין העברעאיש, וואָס האָט זיין גלייכן נישט.

און פאַר וועמען האָט ער נישט וואָס צו זאָגן?

איך האָב דאָס געפיל, אַז מיר האָבן ביז איצט פּרצן נאָך נישט גע־לייענט. דאָס, וואָס מיר ווייסן וועגן אים, איז נישט מער ווי אויבערפלעכ־לעכקייט: דאָס, וואָס רעדט (אָדער שרייט) אַרויס פון זיינע ביכער: דער קולט פון חסידות און יידישיזם. נישט דאָ ליגט זיין גרויסקייט. דער קולט פון הסידות האָט פאַר פּרצן געפּריידיקט בערדיטשעווסקי, און אויך ער איז נישט געווען שטאַרק אָריגינעל. אין אייראָפּע איז דעמאָלט פאָרגע־קומען אַן ענלעכע באַוועגונג קעגן טרוקענעם פּראָטעסטאַנטיזם און פאַר דעם קאַטאָליציזם... דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך, און עס וועט מיר נאָך, מן־הסתם, אויסקומען וועגן דעם צו שרייבן... די טרעגער פון טשערנאָ־וויצער יידישיזם זענען געווען ד"ר בירנבוים, ד"ר זשיטלאָווסקי און אַנ־דערע. פּרצס גרויסע באַדייטונג ליגט גאָר ערגעץ אַנדערש. דאָרט, ווו דער דיכטער אַליין האָט קוים דערפון געוווסט: זיין גרויסקייט מוז מען זוכן אין דעם שטענדיקן אַנטלויפן פון דער פּוסטקייט, פון אַן אפּיקורסטישער וועלט־אַנשויאונג צו אַן אינהאַלט, צו אַ פולקייט, צו אַ פונדאַמענט.

ער איז, לויט מיין מיינונג, דער נאַציאָנאַלער, דער נאַציאָנאַלסטער יידישער דיכטער.

אַן אַנאַליז פון זיינע פּאָעטישע (נישט פּובליציסטישע) ווערק וועט פאַר אונדז ערשט אַנטדעקן דעם אמתן פּרץ.

דעם פאַקט, וואָס די נאַציאָנאַלע פּאַרטייען פער עקסעלאַנס, די ציוניס־טישע, האָט זיך געהאַלטן אין רעזערוו — מוז איך פאַרשרייבן גאָר באַ־זונדער אויף דעם חשבון פון אומוויסנהייט, וואָס מען קאָן פּרצס ווערק אַזוי ווייניק, וואָס זייער אינערלעכער זין בלייבט פאַרשטעלט און פאַר־טונקלט אונטער אַ בינטל אויסגעדראָשענע פראַזן...

וואלטן זיי געוווסט דעם סוד פון פרצס שאפן, וואלטן זיי הויך, העכער נאך ווי די לינקע, געשריגן: פרץ איז אונדזער!

דער לינקער פרץ איז דער באוווסטזיניקער; דער נאציאנאלער פרץ ליגט אין די טיפענישן פון אונטערבאוווסטזיין.

ביי פרצן זענען די צוויי וועלטן פון באוווסטזיין און אונטערבא-וווסטזיין געבליבן געטיילט ביז צו זיין לעצטן טאג. דערפון שטאמט זיין שטענדיקע אומרואיקייט. עס איז נישט קיין געקלערטער וויין, וואס מיר טרינקען ביי אים.

*  *  *

אבער וועגן דעם אלעם וועט מוזן געשריבן ווערן אויספירלעכער און ברייטער. איך האב מיר דערלויבט צו מאכן אויף דעם ארט די קורצע באמערקונגען, ווייל גראד פרצן האלט איך פאר א דיכטער, וואס האט געקאנט פאראייניקן (אויף א מאמענט, פארשטייט זיך) אלע אונדזערע צעריסנקייטן און אינערלעכע סתירות. ווער איז שולדיק, אויב דאס איז נישט אויסגעפאלן אזוי? —

(„דער מאמענט", 1925)

# בײַ דער פּרץ־מצבה*)

אויף זײַן טויט־בעט, פֿאַרוואָרפֿן און פֿאַרוואָגלט פֿון היים און לאַנד און פֿאָלק, האָט היינריך הײַנע, דער דאָזיקער גרױסער ייִדישער דיכטער, וואָס זײַן ייִדיש געמיט שטײַגט איבער אַלע זײַנע נישט־ייִדישע מעשים, — זײַן שמד נישט אויסגענומען — ביטער זיך געקלאָגט:

מען וועט נישט זינגען קיין מעסע,
מען וועט נישט זאָגן קיין קדיש
אין טאָג פֿון מײַן שטאַרבן.

עס איז אַ שרעקלעך און ביטער ליד. דער אומעט פֿון פֿאַרגעסנגלעכ־קייט ווייעט דערפֿון, ווי פֿון אַ פֿאַרלאָזענעם בית־הקברות, דער צער פֿון פֿאַרגעסנקייט רעדט דערפֿון.

עס קומען מיר די ווערטער אין קאָפּ אַרײַן נישט צוליב אַ פֿאַרגלײַך מיט דער הײַנטיקער פֿײַערונג, נאָר פּונקט פֿאַרקערט — צוליב דעם קאָנ־טראַסט.

צען יאָר זענען אַריבער זינט דעם טויט פֿון גרעסטן ייִדישן דיכטער פֿון אונדזערע צײַטן, פֿון י. ל. פּרץ, און איך שטיי דאָ פֿאַר אײַך אין מיטן פֿון אַ פֿײַערלעכער שטימונג, פֿון הונדערטער קרענץ און דעלעגאַציעס, פֿון

---

*) רעדע געהאַלטן דעם 20סטן אַפּריל 1925, אויפֿן וואַרשעווער ייִדישן בית־עלמין.

טויזנטער און צענדליקער טויזנטער מענטשן, וואָס פאַרנייגן די קעפּ פאַר דעם אָנדענקען פון זייער דיכטער און באַגייסטערער, וואָס פאַרנייגן די קעפּ מיט דאַנקבאַרקייט און יראת-הכבוד, אָבער נישט מיט יאוש, נישט מיט דער ווייטוטיקער פאַרלאָזנקייט פון יענעם פאַרבלאָנקעטן קינד פון יידישן פּאַרנאַס.

ווייל פּרץ איז געווען דער אמתער דיכטער פון זיין פאָלק, וואָס האָט געלעבט, געליטן, געהאָפט, געגלויבט מיטן פאָלק, און אין גליענדיקן גלויבן איז ער ווי אַ מעטעאָר פאַרשוווּנדן.

וואָסערער קאָנטראַסט! דער אָרעמער, געפּייניקטער, פאַרוואָגלטער זשעני פון מייסטער פון „בוך דער לידער", און דער ברענענדיקער, לע-בעדיקער, גלויביקער י. ל. פּרץ, וואָס פאַלט ווי אַ העלד, פלוצלינג, דאָ — ביי זיין אַרבעט-טיש, ווען די טינט האָט נאָך נישט באַוויזן אויסגעטרוקנט צו ווערן פון פּאַפּיר!

און דעריבער דערלויבט מיר צו זאָגן, אַז נישט געפילן פון צער און טרויער דאָמינירן איצט ביי דער פייערונג, נישט דעם שווערן אָטעם פון טויט הערן מיר, נישט די מרה-שחורה פון פאַרגענגלעכקייט לייגט זיך אויף אונדז — ניין!

ווייל — פּרץ איז דאָס לעבן.

פּרץ דאָס איז גלויבן.

פּרץ דאָס איז הערלעכקייט.

פּרץ דאָס איז לעבן — ווער עס האָט אים געקענט, דער ווייסט, וואָס די ווערטער הייסן. וווּ פּרץ האָט זיך געפונען, דאָרט האָט אַלץ אויפ-געבליט, דאָרט איז אַלץ אויפגעפרישט געוואָרן, ווי נאָך טוי און רעגן; וווּ פּרץ איז געווען, דאָרט האָט דער טויט געמוזט אָפּטרעטן, דאָרט איז פאַריאָגט געוואָרן זיין שאָטן. פּרץ האָט איינפאַך דעם טויט נישט גורס געווען. אָדער איך אָדער דו — דאָס איז געווען זיין דעוויז צום מלאך המות, און ער האָט מיט אים נישט געוואָלט מאַכן קיין שותפות.

און פּרץ איז גלויבן: דער בלינדער גלויבן. וואָס בלינדער איז דער גלויבן, אַלץ טיפער איז ער, ער האָט געעפנט אונדזערע אַלטע הייליקע בי-כער, ער האָט איינגעזויגן אין זיך די נשמות פון אַלע די, וואָס האָבן גע-לעבט פאַר אים, און אפשר אַליין נישט ווּיסנדיק דערפון — האָט ער זיך

דורכגענומען מיט זייער טיפן גלויבן, מיט זייער פלאַמיקער אמונה, אין וואָס? — דאָס איז נישט וויכטיק. פּרץ איז געגאַנגען אויף אַנדערע וועגן, ער איז געווען דער פאַרקינדיקער פון אַ וועלטלעך יידישקייט, ווייט פון די אַלטע טראַדיציעס, אָבער גייענדיק אויף אַנדערע וועגן, האָט ער מיט זיך מיטגענומען דעם הייסן גלויבן, אַז עס וועט קומען און מוז קומען אַ גאולה און ישועה, נישט צו וויסן אפשר געגוי, וואָס דאָס איז פאַר אַ גאולה און ווי אַזוי די ישועה וועט אויסזען. דער אפּיקורס פּרץ, דער אויסלאַכער פּרץ, איז נישט מער ווי דער קאַפּריז פון אַ דיכטער, אַ פאַרבייגייענדיקע שטימונג; פּרץ דער מאמין, פּרץ דער גלויבער — דאָס איז דער דיכטער אַליין.

און אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט דער גלויבן אָנגענומען אַ באַשטימטע פאָרעם און אַ פּרוכטבאַרע: דאָס איז געווען דער גלויבן אין די שאַפנדיקע כוחות, וואָס שלומערן נאָך אין די טיפעניש פון אונדזער פאָלק, ביי די געזונטע פאָלקס-מאַסן.

און הערלעכקייט איז געווען פּרץ. אין זיין קענגנוואַרט איז קיין אָרט נישט געווען פאַר קליינלעכקייטן, הערלעך איז ער געווען אין זיין לעבן, אין זיין שאַפן, און הערלעך מעטעאָריש איז געווען זיין טויט.

מיר פאַרזאַמלען זיך איצט אַרום זיין קבר און מיר זאָגן קיין קדיש נישט, און מיר זינגען נישט קיין קלאָג-לידער. זעט: אויף דעם דאָזיקן אָרט, פאַר טויט און פאַרגענגלעכקייט באַשטימט, בליען איצט די ביימער, דאָך לעבן באַנייט זיך, אָט איז דער בעסטער הימן פאַר פּרצן, דער בעסטער קדיש, וואָס ווערט געזאָגט נאָך אים, פון אונז און פון דער נאַטור.

ביי דיין קבר, גרויסער דיכטער, פאַרזאַמלען זיך איצט די מאַסן פון די גלויביקע אָן יידישן פאָלק, אָן זיינע שאַפנדיקע כוחות, און צוזאַמען מיט דיר — נישט צו טרויערן און נישט צו וויינען — נאָר צו זינגען אַ הימן צום לעבן, צו דעם אייביק זיך באַנייענדיקן לעבן.

דער גייסט פון באַנייאונג רעדט צו אונדז פון דעם הייליקן נאָמען... י. ל. פּרץ!

(„ליטעראַרישע בלעטער", 1925)

# ער פּעלט אונדז!

טרייסט מיין פאָלק, עס דאַרף די טרייסט.

עס איז געווען, ווי היינט, אָנהויב פרילינג. דאָס מענטשלעכע האַרץ האָט שוין אַזאַ נאַטור, אַז ס'מוז באַהאַלטן ערגעץ אין אַ ווינקל אַ פונק פון האָפענונג, ווי לאַנג עס קלאַפּט נאָך.

אָבער פּרצס האַרץ האָט מער נישט געשלאָגן. דער טויט האָט אים פּלוצלינג, אומגעריכט, אַרויסגעריסן פון אונדז אין מיטן פון די שווערע, פון די שווערסטע צייטן. און מיר האָבן זיך געשלעפּט דורך הינטער-גאַסן — אַן עדה יידן פון הונדערט טויזנט מענטשן, גאַנץ וואַרשע, קינד און קייט, — נאָך זיין לויה.

אַ שלאָס האָט געהאָנגען אויפן מויל. מען האָט נישט געדאַרפט רעדן. דער פּאָליציימייסטער האָט נישט דערלויבט. דער מאַרשרוט איז געווען אָנגעצייכנט. באַליידיקט און נידערגעשלאָגן האָט זיך די גרויסע עדה באַוועגט, און אַ שונא-ישראל האָט זיך פאַרגלוסט, איז ער אַריין מיט אַן אויטאָמאָביל אין מיטן פון דער מענגע טרויערנדע מיט די אַראָפּגעלאָזטע קעפּ פאַר צער און... פאַר בושה.

און — גאָרנישט.

עס איז געווען, ווי היינט, אָנהויב פרילינג, און פּרץ איז געווען טויט.

עס האָט דעמאָלט געהאָנגען איבער יידישע קעפּ די שאַרף פון דער שווערד. מען האָט געיאָגט פון די שטעט, מען האָט געהאָנגען. איובס בשורות זענען אָנגעקומען יעדן טאָג. אויך אויף וואַרשע האָט מען גע-

שמועסט, זאָל אויסגעגאָסן ווערן דער ביטערער צאָרן. דריי מאָל הונדערט טויזנט יידן וועלן זיך מוזן לאָזן אין וועג אריין מיט זייערע קראַנקע און זייערע קליינע קינדער, אַזוי ווי דאָס איז שוין געשען אין אַנדערע שטעט... פאַרניכטונג... אויסראָטונג...

און פּרץ, וואָס האָט זיך אַזוי דורכגענומען מיט די שווערע צייטן, אַז דער גלאַנץ פון זיינע אויגן האָט זיך געביטן, וואָס האָט זיך געפּאָרעט אַרום די אָרעמע קינדערלעך פון די אַרויסגעטריבענע, איז געלעגן טויט.

ער האָט געפּעלט — אויף זיין איינענער לויה; אויף דער ריזיקער שטומער דעמאָנסטראַציע פון די צענדליקער טויזנטער.

ווייל, ווי שוין געזאָגט, דאָס מענטשלעכע האַרץ האָט שוין אַזאַ נאַטור, אַז ס'מוז באַהאַלטן ערגעץ אין אַ ווינקל אַ פונק פון האָפענונג. אויך דעמאָלט האָט מען געוואַרט. עפּעס ציטעריקס איז געלעגן אין די אַלע פּורעניותן. מען האָט עס נישט געקאָנט אָנרופן מיטן נאָמען. וואָס? אַ נייע וועלט זאָל געבוירן ווערן, זאָל זיך אויסוויקלען פון די שוואַרצע צרות אַרויס? — עס וועט קומען, און עס וועט קומען. איין גאָט ווייסט וואָס, און מיר וועלן עס נישט דערלעבן... אָבער דאָס אַלטע וועט ווערן אָפּגעשווענקט.

אַלאַ פּרץ.

ווייל אַזוי איז ער געווען זיין לעבן-לאַנג: אַ האָפער, וואָס האָט קיינמאָל נישט געוווסט צו וואָס ער האָפט; דער פיינט פון נעכטן, דער פאַרבענקטער נאָך אַ מאָרגן; אַ גלויביקער, וואָס האָט זיין גלויבן נישט געקאָנט אָנרופן מיטן נאָמען; דאָס ציטעריקע, אומבאַשטימטע, דאָס קומגעצאַנטע — דאָס איז געווען זיין עלעמענט.

* * *

צען יאָר זענען שוין אַריבער נאָך זיין טויט, פון די גרויסע געשעענישן, פון די צרות און פּורעניותן האָבן זיך אויסגעוויקלט נייע שווערע צייטן, און עס איז אַנהויב פּרילינג. און מיר גייען פייערן דעם אָנדענק פון י. ל. פּרץ — און אויך איצט, אויף דער פייערונג צו זיין נאָמען — פּעלט ער אונדז.

עס פעלט דער, וואָס פאַרמאָגט די פאַרהוילענע קונסט צו וועקן הערצער מיט אַן אומבאַשטימטקייט, וואָס האָט גערעדט צום געפאַלענעם געמיט נישט דורך אַרגומענטן און גוטע צוזאָגן, נאָר מיט די ווערטער:

טרייסט מיין פאָלק, עס ד אַ ר ף די טרייסט.

ווייל — דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין.

דער אָפּטימיזם, וואָס זאָגט גאָרנישט צו און פילט אויס די גאַנצע פוסטקייט פון דער וועלט; דער אָפּטימיזם, וואָס איז די פאַרקערטע זייט פון דער גרעסטער פאַרצווייפלונג. נאַציאָנאַל-יידיש איז ער, דער אָפּטימיזם, דער כוח פון דערהאַלטונג, וואָס ליגט אין דער ראַסע.

ער פעלט אונדז איצט.

מיר דאַרפן איצט די טרייסט נאָך מער ווי אַמאָל.

(„דער מאָמענט", 1925)

# די רעוויזיע פון פרצס שאַפן*)

I

### חסידות און חסידותניקעס

מיך ווונדערט איינגאַנצן נישט, וואָס די ליטעראַרישע קיבעצאַרניע האָט זיך איצט גענומען צו פרצן, אים אַרונטערצורייסן. דאָס האָט געמוזט קומען — אָט די „רעוויזיע פון פרצן", נעכטן, היינט, מאָרגן, צי איבער־מאָרגן: יעדע מינוט און יעדע שעה האָט דאָס געקאָנט פּאַסירן, ווייל די צופעליקייט און דער קאַפּריז זענען נישט אָפּהענגיק פון דער צייט, נישט פון קיין איבערלעגונג. אָט אַזוי זיך: פרץ האָט נישט געהאַט קיין הומאָר, אָדער ווייס איך וואָס האָט ער נישט געהאַט... וואָלטן מיר געהאַט אַ דאָס־טאָיעווסקין, וואָלטן זיך ביי אונדז, לויט דעם טאָן, וואָס הערשט אין דער ליטעראַטור, גאַנץ זיכער געפונען אַמאַטאָרן אים אַרונטערצורייסן און דורכפירן „די רעוויזיע פון דאָסטאָיעווסקין". עס לאָזט זיך אַ סך זאָגן דערפאַר, למשל: דאָסטאָיעווסקי איז געווען נישט אַרטיסטיש צעצויגן.

די פאַרהערלעכונג פון פרצן איז נישט געווען באַגרינדעט אויף מיטלעבן, דורכלעבן דעם דיכטער, און די „רעוויזיע", פאַרשטייט זיך, איז נישט באַגרינדעט אויף איבערלעבונגען. עס איז אַלץ „הוילע פילי־סופיה".

---

*) די לעצטע ליטעראַרישע אַרבעט פון ה. ד. נאָמבערגן.

ווער איז שולדיק אין דער „רעוויזיע״? פרץ? — זיין קונסט, דאָס וואָס ער האָט געשאַפן, שטייט הויך און וועט געווים איבערלעבן אַ סך דורות. און דאָך איז פרץ אַליין אויך אַביסל שולדיק, ווייל אויף וויפל פרץ איז געווען אַ יידישער אינטעליגענט, האָט ער זיך אַליין פונקט אַזוי שלעכט פאַרשטאַנען, ווי די יידישע אינטעליגענץ. דער הויפט-שולדיקער בלייבט די יידישע אינטעליגענץ, בעסער געזאָגט, די יידישע אינטעליגענטישקייט, וואָס האָט קיינמאָל, אויסער עטלעכע אויסנאַמען, נישט קיין אינערלעכע שייכות צו דער קונסט פון אַ דיכטער. פרץ אַליין ה אָ ט מ י ט - א י נ ט ע ל י ג ע נ ט ע ו ו ע ט.

ווען ער איז נישט געווען קיין דיכטער, ווען זיין בלינדע, שטאָק-בלינדע, אינטואיציע האָט אים פאַרלאָזט, דעמאָלט איז ער געווען, ווי „איינער פון אונדז״ און טיילמאָל — נאָך ערגער. ווייל די דאָזיקע אינ-טעליגענטישקייט האָט א י ם געקרווינט פאַר אַ רבין, זיך אַליין — פאַר חסידים. פרצן האָט מען ארויפגעזעצט אַ ספאָדעק אויפן קאָפּ, זיך אַליין האָט מען אָנגעטון שטריימלעך, און עס איז אַוועק אַ גאַנג מיט „חסידות״, וואָס ס׳האָט זייער דערנערט די אייגנליבע פון דיכטער, וואָס האָט שוין דעמאָלט אַריבערגעשריטן דאָס פופציקסטע יאָר פון זיין לעבן, — די גע-פערלעכע עלטער, ווען אפילו שטאַרקע אין גייסט נויטיקן זיך אין אַביסל חניפה...

פרץ אַליין האָט געהאַט גענוג סאַרקאַזם אין זיך, גענוג קריטישן בליק, גענוג אַרטיסטישן געשמאַק, גענוג חשק אויף אָפּצולאַכן אַלאַ היינע, ער זאָל נישט זען די גאַנצע לעכערלעכקייט און די אויבערפלעכלעכקייט פון דעם „קולט פון חסידות״, מיט וואָס אונדזער אינטעליגענטישקייט האָט זיך געקוויקט צוויי צענדליק יאָר צייט, און איז נאָך עד-היום נישט פריי דערפון. אָבער פאָעטן זענען געגליכן צו פרויען: די קליגסטע פון זיי פאַרלירן דעם הומאָר און דעם גוטן טאָן, ווען די פאַרערער שטייען צו... דאָס האָט פּאַסירט מיט פרצן. דער „קולט פאַר חסידות״ איז צוגלייך גע-ווען דער קולט פאַרן רבין, פאַר פרצן, ווער קאָן ביישטיין אַזאַ נסיון?

אָט אויף ד ע ם געביט, פון דעם קולט פאַר חסידות, דאַרף גאַנץ זיכער געמאַכט ווערן אַ רעוויזיע. די רעוויזיע דאַרף אָפּוואַרפן פון פרצן אַלץ דאָס, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער אויגן-פאַרגלייזטקייט, נישט-

אינערלעכקייט און אויבערפלעכלעכקייט, מיט „חסידות״; און איבערלאָזן באַדאַרף זי דאָס, וואָס איז נישט געווען צופעליק ביי פּרצן, נאָר אָרגאַניש מיט אים צוזאַמענגעוואַקסן דורך בלוט, טראַדיציע, דערציאונג, און דער „שטים פון דער צייט״, וואָס האָט ביי אים גערעדט. עס וועט בלייבן פּיל, זייער פּיל, אז פּרצס נאָמען זאָל בלייבן שטיין אויף דעם שייד-וועג פון אונדזער היסטאָריע, אַלס איינער פון די גרעסטע און די ערשטע.

* * *

פּרץ איז נישט דער באַשעפער פון קולט פאַר חסידות, בשום אופן נישט. ער האָט זיך געלאָזט גיין מיטן שטראָם, אַזוי ווי ער האָט זיך גע-לאָזט גיין מיט אַלע שטראָמען, אויב זיי זענען נאָר געווען מאָדערן, ניי און האָבן געהאַט גענוג גלאַנץ. דער ערשטער באַגרינדער פון דעם קולט פאַר חסידות איז ביי אונדז געווען מיכה יוסף בערדיטשעוו-סקי, וואָס איז אָנגעקומען אין דער העברעאישער ליטעראַטור אריין מיט דעם אויסגעשריי: „שנוי ערכין״, וואָס דאָס איז געווען אַן איבער-זעצונג פון ניטשעס „אומוועריטונג פון אַלע ווערטן״. אַלץ מוז אויף דאָס ניי איבערגעשאַצט ווערן. וואָס איז גוט געווען ביז איצט, דאָס איז שלעכט, וואָס שלעכט — גוט. דאָס יידישע רחמנות איז שוואַכקייט; די גויאישע רציחה איז שטאַרקייט, אא״וו. צווישן די אומגעקערטע ווערטן האָבן זיך אויך געפונען מתנגדות און חסידות. דאָס מתנגדות איז געווען באַגרע-נעצטקייט, פאָרמאַליזם, דאָס חסידות האָט פּרעטענדירט צו זיין די שטים פון יחיד, די פּערזענלעכקייט, די פרייהייט...

דאָס איז אַ געשיכטע, אויב איך האָב קיין טעות נישט אין דאַטום, פון אַ יאָר אַכט און צוואַנציק, ווען בערדיטשעווסקים קרייזל, צו וועלכן עס האָט געהערט אויך בעל-מחשבות, האָט אַרויסגעגעבן די „הוצאת צעירים״, קליינע דינע ביכעלעך, וואָס האָבן מיט פּיל פּאַטאָס און מיט אַ ספּעציפיש-בערדיטשעווסקישן טאָן פּאַרקינדיקט די בשורה פון ניטשעאַניזם ביי אונדז און געפּרוּווט אים צופּאַסן צו אונדזער לעבן.

פּרץ האָט נאָך פאַר דער צייט געשריבן פון חסידישן לעבן, אָבער אין די זאַכן, וואָס זענען געשריבן געוואָרן ביז צו יענער צייט, ווערט די

אידעאָלאָגישע זייט פון חסידות נישט אונטערגעשטראָכן, דער חסידישער שטייגער ווערט באַהאַנדלט ווי אַ זשאַנר, אַ ריין-קינסטלערישער מאָטיוו, און מיט פיל גוטן הומאָר.

ביז צו יענער צייט זענען אָנגעשריבן געוואָרן „משנת חסידים" (צום ערשטן געדרוקט אין העברעאיש אין „החץ"), „מספורי יוחנן המלמד" (געדרוקט, דאַכט זיך, אין „הצפירה"), „הכנסת כלה" (אין דער יידישער ביבליאָטעק) און אויך „מקובלים" (וואָס קאָן נישט באַטראַכט ווערן פאַר קיין ריין-חסידישע זאַך, ווייל די זאַך האָט צו טון מיט אַ טיפער רעליגיע-זיטעט פון אַ מקובל, און דער „אדמו"ר", דער רבי, וואָס ווירקט אויף אַנדערע דורך גלויבן, פעלט דאָרט) און אַנדערע זאַכן פון קלענערן באַדייט.

עס איז געגנוג נאָר אויבערפלאַכיק דורכצולייענען די עטלעכע זאַכן, כדי צו זען, אַז פּרץ איז דאָרט ווייט פון דער חסידישער אידעאָלאָגיע, וואָס באַהערשט אים דערנאָך, ווען ער אַקצענטירט, פאַרהערלעכט, גאַנץ באַוווסטזיניק, נישט נאָר דאָס חסידות אַלס רעליגיעזע שיטה, נאָר די אדמו"רים אַליין, די רבים אַלס די שענסטע און הערלעכסטע שטופע פון מענטשלעכקייט, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן ביי אונדז. אין די דער-מאָנטע זאַכן (וואָס פאַר דער חסידישער אידעאָלאָגיע) איז פּרץ אַ קינסט-לער. די זאַכן זענען געהאַלטן אין אַ האַלב-פעליעטאָניסטישן טאָן, אָבער דער רעזולטאַט איז אַ הויך קינסטלערישער. פּרץ לעבט דאָרט אין זיין דור. ר'איז אַ משכיל און האָט צו חסידות, ווי צו אַן אַרט פון רעליגיעזיטעט (באַוווסטזיניק) די באַציאונג פון זיין דור. אָבער מיט אַ בלינדער אינטו-איציע, אומגעריכט פאַר זיך אַליין, שילדערט ער די אינערלעכע פולקייט, די וואַרעמקייט פון דעם מבוזהדיקן חסידל, דאָס זענען זשאַנר-בילדער פון הויכער קוואַליטעט, דורכגעזאַפּט מיט אַ גוטן הומאָר. אפילו אין „משנת חסידים", ווו דעם רבינס טאַנץ ווערט געגעבן, איז עס נישט דער רבי, וואָס קומט אַרויס רעליגיעז געשילדערט און באַלויכטן פון קינסטלערישן ליכט, נאָר דאָס אָרימע חסידל, וואָס דערציילט די מעשה — ער איז דער העלד, ווייל אין זיין פאַנטאַזיע שפּילט זיך דאָס אָפּ — דאָס גאַנצע הערלעכע בילד פונעם רבין, וואָס טאַנצט און וועלטן טאַנצן מיט אים מיט, און דער חתן-בחור, וואָס זאָגט תורה, און מאַכט ציטערן די בערגער פון דער וועלט און די צעדערן פון לבנון. ער איז זייער ענלעך צו ר' יוחנן

המלמד, אַ פּשוטער מענטש, נישט קיין גרויסער קענער; „איר ווייסט דאָך — זאָגט דער דערציילער אַליין פון דער מעשה — אַז איך בין נישט קיין גרויסער למדן”: און מיר מוזן צוגעבן — קיין גרויסער חכם איז ער אויך נישט. אַזוי ער, ווי ר' יוחנן המלמד, זענען ביידע נישט קיין „העלדן”. אָבער פּרץ האָט אין זיי אַנטדעקט די וואַרעמקייט און די פּאָעזיע, וואָס לעבט ביי די פאָלקס-מענטשן פון פאַרשידענע אַרטן. און דאָס איבער-ראַשנדיקע (צו יענער צייט!) איז געווען, וואָס די וואַרעמקייט און אינער-לעכע פולקייט פליסן דאָרט פון אַ קוואַל, וואָס אַלע (פּרץ אַליין אויך) האָבן זיך פון אים אָפּגעקערט, ווי פון עפּעס גיפטיקס, שמוציקס, וואָס האָט אבסאָלוט קיין שום ווערט נישט און האָט קיינמאָל קיין ווערט נישט גע-האַט — פון דער יידישער רעליגיעזיטעט. דאָ איז פּרץ געשטאַנען אין שאַרפסטן קאָנטראַסט צו זיך אַליין, ווייל ער אַליין איז גע-ווען אַ משכּיל, דאָס קינסטלערישע אומבאַוווסטע אין אים האָט מוראדיק געשלאָגן זיין באַוווסטזיין, און ער האָט דאָס אַפילו נישט געמערקט.

ווען איר לייענט דורך די דערמאָנטע זאַכן, ווי אויך „הכנסת כּלה” אָדער די סצענע „אין קעלער”, דאָרט, ווו דער מלמד מיט זיין יונג ווייבל לעבן (פון דעם וועט נאָך אויסקומען צו רעדן), האָט איר גאָר צום ערשטן אַ קינסטלער, וואָס שטייט הויך איבער דעם געמאָלטן, לאַכט אביסל אָפּ פון אים, אָבער אָן סאַרקאַזם, נאָר מיט אַ טיפער מענטשלעכקייט, און ער געפינט ביי די קליינע מענטשעלעך, די נאַרישע חסידימלעך, וואָס אַפילו אין זייער אייגענער סביבה צייכענען זיי זיך מיט גאָרנישט אויס (יוחנן המלמד איז אַן אָרעמער מלמד, וואָס רעדט מיט גרויס דרך-ארץ וועגן זיין ברודער, און דאָס חסידל פון „משנת חסידים” איז אינגאַנצן אַן אומבאַ-דייטנדיק מענטשל) — אין זיי געפינט ער אַן ערנסטקייט, אַ דערהויבנקייט איבערן וואָכעדיקן לעבן, אַ האַרציקע וואַרעמקייט, וואָס מאַכט אייך די מענטשן אַזוי נאָענט און ליב.

דאָס איז נישט קיין „חסידות” — נישט דאָס דאָזיקע איבערגעקייטע שטרוי, וואָס אונדזער אינטעליגענטישקייט האָט אַזוי געסמאַקעוועט צוויי צענדליק יאָר צייט. אין דעם דאָזיקן „קולט פאַר חסידות” פעלט דערנאָך אינגאַנצן דער הומאָר, דער אוממיטלבאַרער טאָן ווערט פאַרלוירן, און עס באַקומט זיך בכלל עפּעס אַ ווילד-משונה אַרט דענקען.

ווייל „חסידות" און „מתנגדות" ווערן מער נישט באטראכט אלס אפגעלעבטע זאכן, וואס האבן פאר אונדז, וואס מיר זענען דאך מענטשן אן רעליגיע, מער נישט קיין שום פראקטיש, אקטועלן ווערט, וויילביידע זענען זיי דאך נאר פארמען פון א רעליגיעזיטעט, א גלויבן אין אן אנ-פירנדער האנט, וואס באשטראפט און באלוינט — א רעליגיעזיטעט, א וועלט-באנעמונג, וואס איז פאר אונדז טויב, און ממילא קאן די אדער יענע פארעם פון דער רעליגיעזיטעט פאר אונדז נישט האבן קיין שום רעאלן באדייט.

## II

די יידישע אינטעליגענטישקייט כאפט זיך אן אן דעם „חסידות" שיר נישט ווי אן אן אנטפלעקונג, ווי אן א רעטונג פון יאוש, אן אויפ-פרישונג פון אונדזער גייסטיקייט. זי נעמט זיך פויקן וועגן דעם „חסידות" מיט דער ספעציפיש-יידישער היסטעריע און ווייזט ארויס נישט נאר אוי-בערפלאכקייט, נאר א היפשע דאזע נישט ריין געוויסן. זי פארטויבט זיך אליין.

די יידישע אינטעליגענטישקייט אפערירט מיט דעם „חסידות" ווי מיט אן אקטועלן ענין!

די אומפארטייאישע אינטעליגענץ כאפט זיך אן אן „חסידות", ווי אן א דאגמע פון גלויבן. עס קלעקט איר די נעפלדיקע אמונה אין „חסידות" אויף נישט צו באדארפן ברעכן זיך דעם קאפ איבער די אלע שווערע פראבלעמען פון לעבן. געווען אפילו א קורצע עפאכע, א יאר פינף האט זי געדויערט (אין דער זעלבער צייט איז ביי די רוסן געווען אין מאדע די „רעליגיעזע זוכענישן"), ווען דער קריטישער געדאנק איז געלעגן אזוי ווי אין חרם. נישט נאר דער פארמעלער, טרוקענער געדאנק איז אפגעשאפט געווארן אלס „מתנגדות", נאר דאס דענקען בכלל איז געווארן עפעס אן איבעריקע זאך. אויף דעם באדן, פארשטייט זיך, האט געקאנט געדייען די קליינקעפלדיקייט, די פאלשקייט; אלערליי פוסטע-פאסניקעס מיט פארגלייז-טע אויגן און מיט פרומע חסידישע פראזן האבן געהאט א גרינג לעבן. וואס פרץ האט דאס געדולדעט, און געדולדעט האט ער דאס הארט נעבן

זיך — דאָס איז זיין זינד, זיין שוואַכקייט, זיין אינערלעכע געבראָכנקייט, וואָס האָט געזוכט אַן אָנשפּאַרעניש...

נאָך מער מוז מען באַוווּנדערן דעם פאַקט, וואָס אויך אַ טייל פון דער פּאַרטייאישער, אויף מאַרקס לערע דערצויגענער אינטעליגענץ, האָט זיך אויך פאַרנומען מיט חסידות. צום לויב פון די אָנפירער פון מאַרקסיזם ביי אונדז, יידן, דאַרף איך זאָגן, אַז מיט אַ נאַטירלעכן חוש האָבן זיי געפונען פאַר נויטיק צו האַלטן זיך פון דערוויטן. אָבער די גרויסע מאַסע פון די דורכשניטלעכע מאַרקסיסטן האָבן, נישט-וועלנדיק גילטן פאַר אָפּגעשטאַנענע, נישט-מאָדערנע מענטשן, דעם שפּיל מיטגעשפּילט. איך רעד שוין נישט דערפון, וואָס די רעליגיעזיטעט איז דאָך פון דעם מאַרקסיסט באַקעמפט געוואָרן, נאָר אַפילו דאָס „חסידות" און זיין אויסלייזונג אויף דעם קולט פאַר דער פּערזענלעכקייט, פאַר דעם פירער, באַדאַרף דאָך דעם סאָציאַליסט נישט זיין צום האַרצן, ווייל ער באַגרינדעט אַלץ אויף דעם קאָלעקטיוו, אויף די מאַסן, אויף דער גלייכקייט פון מענטשן. אָבער ס'איז צו יענער צייט, די טונקעלע צייט פון נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין יאָר 1905, נישט געווען צו פרעגן קיין קשיות. אַזוי ווי עס האָט זיך געקריסטלט, אַזוי האָט זיך געיידלט. אויך ביי די רוסן, וואָס אונטער זייער השפּעה איז אונדזער גייסטיקייט געשטאַנען, האָט זיך געפילט אַ מידקייט פון טראַכטן, אַ חשק „צו טויטן דעם פאַרשטאַנד", און אונדזערע דורכשניטלעכע מאַרקסיסטן זענען געוואָרן צוגלייך פייערדיקע חסידים... פאַרשטייט זיך, זיי האָבן זיך אויסגערעדט, אַז דאָס „חסידות" איז גילטיק פאַר זיי נאָר אויפן געביט פון דער קונסט, נישט פון דער פּאָליטיק. אָבער אין דעם אויסרייד און באַוואָרעניש איז געלעגן טאַקע די קליינקעפּלדיקייט און דאָס נישט ריינע געוויסן, ווייל ס'איז לעבערלעך, ס'איז אַ פּסיכאָלאָגישע אוממעגלעכקייט, ווען מען וויל אַזוי צעטיילן די איינגענע נשמה אויף צוויי: איין פּנים אירס געווענדט צו אַ פאַרנעפּלטן ראָמאַנטיזם, מיט רעליגיעזע איבערלעבונגרעשטלעך, מיט אַ העלדן-קולט, מיט מיסטיציזם; און דאָס צווייטע פּנים — דאָס פּאָליטישע, זאָל זיין געווענדט צו דער זייט פון עקאָנאָמישן מאַטעריאַליזם און קאָלעקטיוויזם. דאָס איז אויבערפלאַכקייט, געוויינלעך איז עס — אַליין-אָפּנאַרעריי.

דאָס וואָס איך האָב געמיינט מיט די ווערטער:

דאָס נישט ריינע געוויסן פון דער יידישער אינטעליגענטישקייט.

וואָלט מען דאָך געמיינט, אַז דער ענין פון פאַרהערלעכן דאָס „חסי־דות" איז אַן אָריגינעל יידישער מאָטיוו, וואָס האָט געקאָנט אויסוואַקסן נאָר אויף אונדזער היימישן באָדן, דאָס וואָלט, פאַרשטייט זיך, זייער פאַרגרעסערט דעם ווערט פון דער גאַנצער באַוועגונג, איז דאָס אָבער אַ גרויסער היסטאָרישער טעות.

דער זעלבער וויכוח, וואָס פירט זיך ביי אונדז צווישן „מתנגדות" און „חסידות", איז נישט מער ווי אַ ווייטער אָפּקלאַנג פון דעם רעליגיעזן דיספּוט, וואָס פירט זיך אויף דער ברייטער וועלט. אויך דאָרט ווערט ער געפירט נישט פון די רעליגיעזע מענטשן אַליין, ווייל קאַטאָליקן און פּראָ־טעסטאַנטן פירן נישט אויף אַזאַ אופן די פּאָלעמיק — זיי באַקעמפן זיך, און אין געוויסע צייטן פון דער היסטאָריע האָבן זיי איינע די אַנדערע געשאָכטן. דער דיספּוט ווערט אויך דאָ, אויף דער ברייטער וועלט, גע־פירט צווישן די אינטעלעקטועלע, די נישט־גלויביקע, וואָס האָבן צוביידע רעליגיעס נישט מער קיין אַקטועלע באַציאונג. געווען אַ צייט, ווען די נישט־גלויביקע אינטעליגענץ האָט געהאַלטן, אַז פאַרן פּראָסטן פאָלק מוז מען האָבן אַ רעליגיע, די נישט־גלויביקייט איז די פּריווילעגיע פון די „אויסדערוויילטע", די אינטעליגענטן. ווען די מאַטעריאַליסטישע וועלט־אַנשויאונג האָט געהערשט אין אייראָפּע, האָט די אינטעליגענץ פאַרהער־לעכט דעם פּראָטעסטאַנטיזם, וואָס איז ווייט פון נסים. ווען אין אייראָפּע קומט אָן די רעאַקציע קעגן דער טרוקענער מאַטעריאַליסטיש־מעכאַנישער באַנעמונג פון דער וועלט, ווען דאַרווין און באָקל באַפרידיקן נישט מער די גייסטער, וואַרפט זיך די אינטעליגענץ איבער אויף דער זייט פון קאַ־טאָליציזם, וואָס גיט מער באַפרידיקונג דעם האַרץ, וואָס דערהייבט, וואָס גיט שטימונג און וואָס איז פּאָלקסטימלעך.

עס קומט אויס צו ציטירן פּרצן אַליין. ער שרייבט אין איינעם פון זיינע פריערדיקע פעליעטאָנען וועגן די גייסטיקע שטרעמונגען ביי אונדז:

ס'איז געווען אויפן ים אַ שטורעם, אַ גראַנדיעזער, אַ מעכטיקער, און ער איז שוין לאַנג פאַרביי. איצט ליגט ער רואיק, דער ים. אָבער ער־גיץ אין אַ הייל צווישן די פעלדזן ביים ברעג, וואַרפט זיך איצט דאָס

ביסל וואַסער, ווייט פון זון און ברייטקייט, — ערשט איצט איז דער שטורעם אהינגעקומען (איך ציטיר לויט מיין געדעכעניש, נישט ווערט-לעך).

דאָס האָט געטראָפן מיט אונדזער חסידות-באַוועגונג. א ווייטער אָפּקלאַנג איז עס געווען פון דעם שטורעם אין דרויסן, פון דער רעאַקציע (אין אייראָפּע) קעגן מאַטעריאַליזם, — און אַ פאַרשפּעטיקטער אָפּקלאַנג איז עס געווען — ווייל אויך ביי אונדז יידן שלאָגט ווידער שטאַרק די כוואַליע פון סאָציאַליזם, וואָס איז באַגרינדעט אויף דער מאַטעריאַליס-טישער וועלט-באַנעמונג.

* * *

די דינע ביכלעך פון „הוצאת צעירים" ווערן געלייענט פון נאָר אַ קליינער צאָל אינטעליגענטן. זיי מאַכן אַן איינדרוק נאָר אויף געציילטע מענטשן. און אַזוי ווי בערדיטשעווסקי פריידיקט גאָר צום ערשטן די אי-דעען פון ניטשע, די אידעע פון „ספר וסייף" (דאָס בוך און די שווערד), אַז די שווערד האָט מער באַדייט, ווי דאָס בוך; אַזוי ווי ער קומט דאָך מיט דעם אויסגעשריי: „שנוי ערכין", דאָס איבערשאַצן פון אַלע ווערטן — איז אים נישט באַשערט געווען צו בלייבן דער פריידיקער פון „חסי-דות", וואָס דאָס איז ביי אים געווען נאָר אַ טייל פון זיין ניטשעאַנישער פריידיקט.

פּרצן האָט בערדיטשעווסקי מיט זיין נייער שטעלונג צו „חסידות" געטראָפן צום סאַמע האַרץ. האָט ער דאָך, דער דיכטער פּרץ, אַזוי אומ-מיטלבאַר און אַזוי שטאַרק, פון זיין טיפער קינדהייט אָן, ווען ער האָט זיך געדרייט אויף דער גאַס און געהערט דאָס זינגען און טאַנצן פון די חסידים (זע פּרצס זכרונות וועגן זיך), געפילט די אינערלעכקייט, דעם לעבנס-אינהאַלט, די גייסטיקע פולקייט און גאַנצקייט פון דעם חסידישן עולם! מיט רעכט האָט ער געטראַכט, אַז בערדיטשעווסקי האָט אים נאָר ארויסגעכאַפּט די ווערטער פון מויל, האָט פאָרמולירט, וואָס ער האָט שוין לאַנג געזען, מיטן גאַנצן אימפּעט פון זיין נישט-געזעצטער נאַטור, מיט דעם אימפּעט פון אַן עלטערן מענטש, וואָס איז פאַרבליבן יונג און יינגליש, מיט דעם אימפּעט פון אַ מענטש, וואָס אַנטלויפט זיין לעבן-לאַנג פון פאַר-

צווייפלונג און פון סקעפּטיציזם — כאַפּט ער זיך אָן אָן „חסידות", און עס איז אים באַשערט צו זיין דער פּריידיקער פון חסידות ביי אונדז.

אָבער צי האָט פּרץ, דער דיכטער, עפּעס געוואונען פון דער נייער לערע, פון דער נייער אמונה?

לויט מיין מיינונג, האָט ער גאָרנישט געוואונען, און פאַרלוירן האָט ער אַ סך.

אין די נייע חסידישע זאַכן, וואָס ער נעמט שרייבן מיט אַזאַ רט און מיט אַ ברען, האָט ער קודם-כל פאַרלוירן דעם נאַטירלעכן הומאָר זיינעם. ער ווערט שטאַרק ערנסט. ער שטרייכט אונטער, ער שרייבט אויף דער טעמע „חסידות".

די ערשטע זאַך, וואָס מיט איר הויבט זיך אָן די נייע עפּאָכע פון זיין שאַפן, איז די „גאָלדענע קייט". די „גאָלדענע קייט" איז דורכגעגאַנגען פיל גלגולים. זי איז צום ערשטן מאָל געשריבן געוואָרן אויף העברעאיש אין גאַנץ געוויינלעכער פּראָזע און איז געדרוקט געווען אין „השלוח" אונטער דעם נאָמען „חורבן בית צדיק". דערנאָך ערשט איז זי איבערגעאַרבעט געוואָרן אויף יידיש, אויך אין פּראָזע, און געהייסן האָט זי, דאַכט זיך, „דער נסיון", און איבערגעאַרבעט געוואָרן איז זי — אַ פּאָר מאָל, ביז צום סוף איז זי אַרויס אין ריטמישע פערזן, מיטן נאָמען „די גאָלדענע קייט". דאָס איז געשען, איך געדענק דאָס אַזוי ווי איצט, אויף דער דאַמף-שיף פון וואַרשע קיין פּלאָצק. געווען אַ הייסער זומער-טאָג. מען איז געפאָרן אויף אַ פאַרלעזונג. פּרץ איז געזעסן אויפן דעק און האָט געהאַט פאַר זיך אויף אַ טישל די צעוואָרפענע בלעטער פון דעם פּראָזאַאישן „נסיון", און ווען זענען מיר אָנגעקומען קיין פּלאָצק —אַ נסיעה פון אַ שעה 6 — 7, איז די „גאָלדענע קייט" געווען פאַרטיק. זי איז געשריבן געוואָרן אויף אויפגעפירט צו ווערן אויף דער סצענע.

## III

פּרצס פּיעסע „די גאָלדענע קייט" איז נישט באַשערט געווען אויפגעפירט צו ווערן (און עס איז נישטאָ קיין סך צו באַדויערן), פאַר דאָס אָבער איז איר באַשערט געווען צו ווערן די אור-שריפט פון אַלע אונדזערע

„חסידותניקעס" (אונטערצושיידן פון „חסידים"), ווייל דאָ האָבן זיי גע-פונען פאָרמולירט אין פּאַטעטישע פערזן די גאַנצע אידעאָלאָגיע...

ווי געזאָגט, איז קיין שפּור מער נישט געבליבן אין דעם נייעם חסידישן ווערק פון גוטן הומאָר. דער רבי ווערט געשילדערט ווי א העלד, ווי אַן איבערמענטש, און מיטן גאַנצן ערנסט ווערט ער פאַרהערלעכט, ווי איינער, וואָס שטייט הויך-הויך איבער אַלדינג. עס ווערט באַשאַפן ארום דעם רבין א פאַרנעפּלטע אַטמאָספערע פון „ישישים" און „זקנים", וואָס באַדאַרפן אויף אונדז אָנצוואַרפן די מיסטישע שרעק...

איך מוז זאָגן, אז פּרץ האָט גאַנץ גוט געטון, וואָס ער האָט דאָס ווערק גאָר צום סוף איבערגעאַרבעט אין פערזן. אין ערשטן אַקט האָט ער דערמיט דערגרייכט א געוויסע קראַפט פון אויסדרוק, א געפֿילנטקייט פון דער שפּראַך, וואָס איז זייער ווערטפול פאַר א ליטעראַטור. אין זיינע פאַרשיידענע ערשטע פּראָזאישע פאָרמען האָט דאָס טעאַטער-שטיק קיין שום ווערט נישט געהאַט. סצעניש איז עס נישט געווען. און קינסטלעריש איז עס געווען זייער שוואַך. עס האָט נישט איבערגעצייגט. דער „חורבן בית צדיק" אין „השלוח" האָט אויף קיינעם קיין שום איינדרוק נישט געמאַכט, און האָט נישט געקאָנט מאַכן.

אין דער נייער איבעראַרבעטונג אין פערזן באַקומט דער ערשטער אַקט א ווערט צוליב דער שטאַרקייט פון פערז. די גאַנצע סיטואַציע, די האַנדלונג רירט אונדז נישט. ווען דער זון ר' פּנחס מאַכט א הבדלה, טראָץ דעם וואָס דער העלד, זיין פאָטער ר' שלמה, האָט זיך איינגעשפּאַרט נישט צו מאַכן קיין הבדלה, איז פאַר אונדז גאָרנישט געשען. דער עפעקט לאָזט אונדז קאַלט, ווייל אונדז פעלט די אמונה, אז ר' שלמה האָט מיט זיין „נישט מאַכן קיין הבדלה" טאַקע אָפּגעשטעלט דאָס גיהנום, עס זאָל נישט ברענען, אזוי ווי עס ווערט דערציילט אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע. און — נאָכמער! אונדז פעלט די אמונה, די איבערצייגונג, אז ר' שלמה אַליין איז טאַקע זיכער דערין, אז נישט-מאַכנדיק קיין הבדלה, האָט ער אָפּגעשטעלט די וועלט אין איר גאַנג. ס'זענען דאָך סוף-כל-סוף נאָר ווער-טער, שטאַרקע, געפֿילגלטע, וואָס ר' שלמה אַליין זאָגט... נו, א מענטש האָט וויזיעס, האַלב גלויבט ער, האַלב מאַכט ער זיך אַליין גלויבן אין דער „זעאונג", וו ס'איז אַלץ נאָך נישט קיין מאַטעריאַל, וואָס זאָל אונדז

דערשימערן, ווען די וויזיע ווערט איבערגעריסן. וויזיעס פון וויזיאָנערן מוזן דאָך אַמאָל איבערגעריסן ווערן.

דער ריין-קינסטלערישער ווערט (אפילו פון ערשטן אַקט) איז זייער פּראָבלעמאַטיש, ווען נישט די שטאַרקייט און די אויסדרוקספולקייט פון די פּערזן. מיר בלייבן קאַלט ביי דעם „קנאַל-עפעקט" פון אָנצינדן ליכט קעגן דעם ווילן פון צדיק. ר' שלמה אַליין בלייבט סוף-כל-סוף אַ שאָטנדיקע פיגור: מיר הערן אים רעדן, און מיר זעען אים נישט לעבן.

אָט ווי פּרץ שילדערט אים (אין די רעמאַרקן, וואָס זענען געשריבן אין פּראָזע):

„שלמה — אַ זייער הויכער גראָער בלאַסער ייד, אַן אומגעוויינלעך הויכער שטערן; אומגעוויינלעך גרויס געעפנטע אויגן, מיט קינדעריש-נאַאיוון שמייכל איבערן איינגעשרומפּענעם, פון צער פאַרגליווערטן פּנים".

אַלץ ביי אים איז אומגעוויינלעך. די קונסט האָט ליב גראָד וואָס „געוויינלעך", אַפילו דאָס „אומגעוויינלעכע" ווערט אונדז אַזוי נאָענט און היימיש, אַז ס'מאַכט דעם איינדרוק פון געוויינלעכן.

„די גאָלדענע קייט" האָט שטאַרק אויסגענומען ביי אונדזער אינטעליגענטישקייט, זי איז געוואָרן די אור-שריפט אירע. עס האָט אימפּאָנירט דאָס ביסל אידעאַישקייט, וואָס איז כאָטש אַריינגעלייגט געוואָרן אין ר' שלמהס מויל:

אויסגעלייזט פון פּיין און שרעק
מוז ווערן די וועלט,
חרוב זאָל ווערן די וועלט!
און מיר — מיר שבתדיקע,
מיר יום-טובדיקע,
מיר נשמה-יתרהדיקע יידן
וועלן איבער אירע חורבות גיין.
אאָ"וו אאָ"וו...

ס'זענען אומבאַדינגט נייע פּולע אַקאָרדן, וואָס די יידישע שפּראַך האָט ביז דעמאָלט נישט אַרויסגעבראַכט. אָבער דאָס ביסל אידעאַישקייט איז זייער אָרעם. ר' שלמה וויל זיין שטענדיק „זינגענדיק און טאַנצנדיק";

ער וואַרפט אָפּ פון זיך יעדע מרה-שחורה: ער רופט דערצו, אַז אַ גאַנצע וועלט באַדאַרף אויסגעלייזט ווערן, און נישט יעדער פאַר זיך, מיט זיינע אייגענע זאָרגן... דאַכט זיך, דער גאַנצער אידעאישער אינהאַלט איז אויס-געשעפּט.

* * *

עס איז נישט דאָס אָרט אין אַ קורצער אַרבעט וועגן פּרצן צו אַנאַ-ליזירן איינס נאָך איינס די אַלע ווערק, וואָס שטייען אונטער דער אייגע-נער השפּעה פון דער חסידישער אידעאָלאָגיע. עס איז אויך נישט נויטיק — אַזאַ דעטיילער אַנאַליז. ער וואָלט צו ווייט פאַרפירט, צו ברייט זיך פאַרנומען און קיין נייעס נישט אַריינגעבראַכט, — אַ חוץ, פאַרשטייט זיך, זייטיקע, נישט-ערשטראַנגיקע פּרטים. וואָס ס'איז דאָ געזאָגט געוואָרן וועגן דער „גאָלדענער קייט", איז גילטיק אויך פאַר די איבעריקע זאַכן פון דעם שניט.

אין די אַלע זאַכן ווערט דער רבי פאַרהערלעכט, אַלס אַ טרעגער פון גרויסע אידעען; אין רבינס מויל ווערן אַריינגעלייגט ווערטער, וואָס האָבן אַ ספּעציפיש יידיש-רעליגיעזן כאַראַקטער, אַ זיי קאָנען אין דער אייגענער צייט אויסגעטייטשט ווערן אויף אָנצוהערענישן וועגן ריין-מענטשלעכע אידעען, ד"ה אַזוינע, וואָס האָבן נאָך פאַר אונדז גילטיקייט. די דאָזיקע אָנצוגעהערענישן (סימבאָליזם — האָט מען דאָס געקרוינט מיטן נאָמען) האָבן גאָר באַזונדער אויסגענומען ביי אונדזער אינטעלי-גענטישקייט. די פלאַכקייט האָט בטבע זייער ליב מענטשן, — אַזוי גיבן זיי שפּייז זייער ביסל גאווה.

דער פריערדיקער פּרץ פאַרלירט זיך אין דער אידעאָלאָגיע, און זיין שעפערישער גייסט ווערט געפאַנגען אין אַ נעץ, וואָס ער האָט אַליין גע-האָלפן אויסוועבן. ר' יוחנן המלמד און די איבעריקע נישט-העלדן פון דער פריערדיקער עפּאָכע, די לעבעדיקע מענטשן, די, וואָס אין זייער רעאַ-ליטעט קאָן גאָר קיין שום ספק נישט זיין, די, וואָס כאַראַקטעריזירן נישט נאָר זיך אַליין, נאָר טויזנטער און צענדליקער טויזנטער, וואָס פילן, טראַכטן און לעבן אָט אַזוי ווי זיי — ווי די אָרעמע, נעבעכדיקע, אָבער

אזוי ווארעם-געפילטע און געשילדערטע פּאָלקס-מענטשן, — פאַרשווינדן אַלץ מער, כדי אָפּצוגעבן פּלאַץ דעם „אדמו"ר", דעם איינציקן, וואָס האָט הוילע תורה און הוילע הויכע געדאַנקען, — וואָס פּריידיקט כסדר די תורה פון „חסידות".

איין זאַך פון פּרצן, געשאַפן אין דער אייגענער עפּאָכע פון „חסי-דות", דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, ווייל זי גיט אין אַ געוויסן זין דעם שליסל צו פּרצס אינערלעכקייט, צו זיין אונטערבאַוווּסטזיין, פון וואַנען זיין שעפערישע אינטואיציע שטאַמט, און ווייזט, אין וואָסער שאַרפן קאָנטראַסט די אינערלעכקייט שטייט צו זיין באַוווּסטזיין, צו זיין אידעאָ-לאָגיע, איך מיין דאָס הערלעכע ווערק „צווישן צוויי בערג", וואָס איז גע-שריבן אין דער אייגענער עפּאָכע.

דאָרט ווערט געשילדערט דער צוזאַמענשטויס צווישן אַ פאָרשטייער פון דער מתנגדישער וועלט, דעם בריסקער, און דעם פאָרשטייער פון חסי-דות, דעם ביאַלער רבין. דער ביאַלער רבי, ר' נח, איז אַמאָל געווען דעם בריסקער רבס אַ תלמיד, אָבער ער האָט געזען עפּעס אַ חלום ביינאַכט, דער תמצית פון דעם חלום איז געווען, אַז די תורה פון בריסקער רב איז קאַלט אַזוי ווי מאַרמאָר, און מען איז זייער איינזאַם מיט איר, און עס האָט אים געצויגן אַוועק — פאַרשטייט זיך, צו „חסידות", וואָס איז וואַ-רעם און עס איז אַ תורה פ אַ ר אַ ל ע. נאָך לאַנגע יאָרן ווערט דער ביאַלער רב — אַ רבי. דער בריסקער בלייבט אויף זיין אָרט, פירט זיין ישיבה און זיין מתנגדות מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, און האָט אָן זיין תלמיד שוין פאַרגעסן... קאַליע געוואָרן אַ מענטש, אַוועק אויף פאַלשע דרכים, וואָס קאָן מען טון?

אָבער דעם בריסקער רב קומט-אויס צו זיין אין ביאַלע. ער הויבט זיך אָן צו פרעגן וואָס פאַר אַ רבי איז דאָס דאָ אין שטאָט, און פון די ענטפערס ווערט ער געוואָר, אַז דאָס איז זיין געוועזענער תלמיד נח. כאַפּט ער זיך נישט, דער בריסקער רב, דער גרויסער תקיף און פאַרביסענער ייד, און גייט אַהין צו „אים זאָל לעבן", און אינעם אימפּעט פון זיין גיין פילן מיר, אַזוי ווי ער וואָלט געהאַט בדעה דעם תלמיד צו נעמען פאַר די אויערן. עס איז גראָד שמחת-תורה, די חסידים שפּאַצירן אין דרויסן, דער רבי

זיצט אויפֿן גאַנעק, און דער צוזאַמענשטויס צווישן די צוויי בערג קומט פֿאָר: עס טרעפֿן זיך די צוויי וועלטן.

אין דער גאַנצער נאָוועלע איז פּרץ כסדר באַמיט אונטערצושטרייכן די מעלות פֿון דעם ביאַלער רבין; פֿאַרקערט, פֿילט זיך ביי אים אַ חשק צו מינדערן דעם ווערט פֿון בריסקער. אַזוי דערציילט ער, אַז דער בריס-קער זאָל האָבן כּלומרשט געלאָזט אָפּגאָלן באָרד און פּאות אַ ייד, וואָס ער האָט אים חושד געווען אין „חסידות", דער ביאַלער רבי ווערט פֿאַר-הערלעכט. אין זיין מויל ווערן אַריינגעלייגט די שענסטע ווערטער; ווען פּרץ באַשרייבט דעם שמחת-תורה, ווערט ער סענטימענטאַל, און די וואָלקנס אין הימל פֿרייען זיך, און ער צעגיסט זיך אין אַ זיסלעכער שטי-מונג, און ווען איר, דער לייענער, לייגט אַוועק די זאַך, געשעעט אָט וואָס: דער ביאַלער רבי טראָגט זיך פֿאַר אייערע אויגן זייער נעפּלדיק; איר זעט אַ רבין, וואָס רעדט, פֿאַרשטייט זיך, נאָר רבישע רייד, וואָס זינגט גע-וויינלעך אַ ניגונדל און די חסידים כאַפּן אונטער. עס איז אַ מטושטשע פֿיגור, אַ סכעמע.

און דער בריסקער רב שטייט פֿאַר אייך אַזוי ווי פֿון בראָנדז אויס-געגאָסן. וואָסער הערלעכער מענטשלעכער טיפּ, וואָסער כאַראַקטער! די אַלע, וואָס פּלאַפּלען וועגן דער רעוויזיע פֿון פּרצן, וואָלטן זיך געמעגט אַ פֿרעג טון, צי האָבן מיר אין דער יידישער ליטעראַטור אַ סך אַזוינע פּלאַס-טיש געמאָלטע טיפּן פֿון גרויסן באַדייט, פֿון אַ הויכער גייסטיקייט באַלעבט!

מיר האָבן שוין אויבן געזען, ווי בלאַס עס קומט ביי פּרצן אויס געשילדערט די אויסערלעכקייט פֿון ר' שלמהן אין דער „גאָלדענער קייט".

לאָמיר איצט אַ קוק טון, ווי דער בריסקער רב, גראָד דער, וואָס פּרץ איז באַמיט קלענער צו מאַכן זיין געשטאַלט, — ווי ער קומט אַרויס, כמעט קעגן פּרצס ווילן. אָט ווי ער זעט אויס:

„דאָס איז געווען אַ מענטש — אַן עמוד הברזל (אַן אייזערנע זייל), אַ הויכער הויכער ייד, אַן אימה האָט ער אָנגעוואָרפֿן ווי אַ מלכות! — אַ ווייסע לאַנגע באָרד, איין שפּיץ, געדענק איך נאָך ווי היינט, האָט זיך אים אַריינגערוקט אונטערן גאַרטל, דער צווייטער שפּיץ ציטערט איבערן גאַרטל... ברעמען ווייסע, דיקע, אַ האַלב פּנים האָבן זיי אים פֿאַרשטעלט..."

דאָס בילד לעבט מיט איינמאָל אויף. און ס׳איז אַ מאָדנע זאַך: דער בריסקער רב, דער מתנגד, זאָגט קיין וואָרט נישט צו פאַרטיידיקן זיין מתנגדות. ער רעדט גאָר פּשוט מענטשלעכע ווערטער, טוט מענטשלעכע טאַטן, נישט אַזוי ווי דער ביאַלער רבי, וואָס זאָגט כסדר „חסידות", אַזוי ווי אַ רבי דאַרף צו זאָגן. דער רעזולטאַט, דער קינסטלערישער, איז פּונקט אַ פאַרקערטער, ווי פּרץ האָט געוואָלט: געזיגט אין זיין גרויסקייט און גאַנצקייט, געזיגט קינסטלעריש האָט דאָ דער בריסקער רב, דער מתנגד.

פּרץ דער קינסטלער האָט, אַליין נישט צו וויסן דערפון, געשלאָגן פּרצן דעם חסיד.

די אינטואיציע האָט גובר געווען.

דער בריסקער רב געהער צו די ערשטע קינסטלערישע שאַפונגען אין אונדזער ליטעראַטור. ער שטייגט אַרויס מיט דעם קאָפּ העכער איבער די קליינלעכקייטן פון לעבן. קיין סך אַזוינע פיגורן. גאַנצע, שטאַרקע, פול מיט אינהאַלט, אָנגעלאָדן מיט אַ גייסטיקייט, וועט איר נישט טרעפן אין אונדזער ליטעראַטור. נעמט און מאָלט אים, נעמט און גיסט אים פון בראָנדז! און מיט וואָסערע קנאַפּע מיטלען איז דאָס דערגרייכט געוואָרן!

עס איז ביי פּרצן נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס לעצטע מאָל, ווען זיין אונטערבאַוווסטזיין, זיין קינסטלערישע אינטואיציע שטייט אין אַ שאַרפן קאָנטראַסט צו זיין באַוווסטזיין, וואָס בלאָנדזשעט שטענדיק און כאַפּט זיך אָן יעדן טאָג אָן עפּעס נייעס. זעלטן איז צו געפינען אַ ביישפּיל פון אַזאַ אינערלעכער צעריסנקייט, פּונקט־קאַפּויערקייט, ווי ביי פּרצן. וועגן דעם אין נאָענטן אַרטיקל.

(„דער מאָמענט", 1928)

אָ נ מ ע ר ק ו נ ג   פ ו ן   ר ע ד א ק צ י ע : דאָס דאָזיקע קאַפּיטל איז געווען דאָס לעצטע, וואָס דער פאַרשטאָרבענער שרייבער האָט באַוויזן אויפצושרייבן, איידער ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה.

# אינהאַלט:


אריינפיר-וואָרט — — — — — — — — — — 7
פרץ — די פוילישע יידן, פון מאטעם דייטש — — 11
דער ניגון — — — — — — — — — — — 13
פּרצס טויט — — — — — — — — — — — 20
די לויה פון י. ל. פרץ — — — — — — — 23
דער פאָטער פון א ליטעראַרישער משפחה — — — 25
א פּרץ-מוזעאום — — — — — — — — — — 30
א פּרץ-פאָנד — — — — — — — — — — 32
דאָס מעשהלע פון פרץ — — — — — — — 35
י. ל. פרץ — — — — — — — — — — — 40
פּרצס יאָרצייט — — — — — — — — — — 47
צו פּרצס דריטן יאָרצייט — — — — — — — 50
א ליטעראַרישער דור — — — — — — — — 52
דער רוף צו פּרילינג — — — — — — — — 73
וועגן פּרצס מצבה — — — — — — — — 76
נולד-נפטר — — — — — — — — — — — 82
וואַנדאַליזם — — — — — — — — — — 86
נאָך די פּרץ-פייערונגען — — — — — — — 89
ביי דער פרץ-מצבה — — — — — — — — 93
ער פעלט אונדז! — — — — — — — — — 97
די רעוויזיע פון פּרצס שאַפן — — — — — — 100

מאַרק טורקאָוו

# מלכה אָוושיאַני דערציילט...

(כראָניק פון אונדזער צייט)

פּרעסע-שטימען:

„דאָס בוך „מלכה אָוושיאַני דערציילט"... אָטעמט מיט אונדזער היינטצייטיקן טרויער און צער און וועקט אויף און צעטרייסלט אונדזער רואיקייט און זאַטקייט. אַזאַ בוך דאַרף זיך געפינען אין יעדער יידישער שטוב.

מיט דעם בוך פאַנגט אָן דער צענטראַל-פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע אָן ערנסטע פאַרלאַג-טעטיקייט. דאָס איז ס'ערשטע בוך פון דער סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום", וואָס וועט אַרומנעמען ווערק פון באַקאַנטע שרייבער און מאָנאָגראַפיעס פון פּערזענלעכקייטן און שטעט, ווי אַ ביישטייער צו דער געשיכטע פון דעם פּוילישן יידנטום.

(„די יידישע צייטונג")



„מאַרק טורקאָוו האָט אויפגענומען ביי מלכה אָוושיאַני אַלע איינצל-הייטן פון אירע שוידערלעכע איבערלעבונגען און זיי איבערגעגעבן אין דער דערציילערישער פאָרעם און מען דאַרף זאָגן, אַז דאָס בוך וועט בלייבן ווי איינער פון די גרוילהאַפטיקסטע דאָקומענטן פון דער צייט און וועט דינען פאַר אַ באַשולדיקונג-אַקט לדורות.

„דאָס דאָזיקע בוך דאַרף געלייענט און פאַרשפּרייט ווערן און עס

וואָלט געווען זייער גוט, אז מען זאָל אים איבערזעצן אין שפּאַניש, כּדי עס זאָל אים לייענען אויך שפּאַניש־ריידנדיקע יידן און ניט־יידן".

(„די פּרעסע")



„צוזאַמען מיט מלכּה אָושיאַנים בלוט־פאַרגליווערנדיקע איבערלע־בענישן פאַרנעמען מיר דאָ אויך, פון צווישן די שורות אַרוים, דעם טיפן קרעכץ און וויי פון דעם פאַרצייכענער מאַרק טורקאָוו, וואָס האָט דאָ נישט געטראָגן בלויז זשורנאַליסטיש־אַקטועלע אַרבעט, נאָר אַריינגעלייגט אין דעם בלוט און נשמה און געטאָן אַן עבודה מיט ליבשאַפט און יראת ההתרוממות צום גאַנצן פּוילישן יידנטום.

לייענען דאָס בוך און עס איינשאַפן פאַר יעדנס פּריוואַטע ביכער־שאַנק, הייסט: ענגער זיך פאַרבינדן, זיך משתּתּף זיין מיט די פּיין און ליידן פון אונדזערע ברידער און שוועסטער אין פּוילן און דורך אַ פאַרפליכ־טונג צו מעשים הייליקן דאָס ריינע געוויסן".

(„היינטיקע נייעס")

